פנחס רודאַי

(פּיני בעל-לשון)

# דאָס אידישע קינד

## אַ לערבוך



באַשטימט פאַר די אידישע

קלאַסן אין די תלמוד-תורה'ס



פערלאַג

היברו פּובלישינג קאָמפּאַני

*Printed in the U. S. A.*

# I

דאָסדאָזיגע ביכל איז צונויפגעשטעלט געוואָרן אויף דער בקשה פון פיל קאָלעגן, פּרינציפּאַלס און לערער פון תלמוד־תורה׳ס אין ניו יאָרק, ווי אויך פון דעם ארויסגעבער.

און כ׳וויל גלייך פון אָנהויב באַמערקן, אַז כ׳האָב קיינע „מחשבות זרות" דערביי ניט געהאַט; די כונה איז ניט קיין „אידישיסטישע", נאָר אַ „אי־דישע", און זאָל מען נישט אָנהענגען קיין „בוקי סריקי" אין דערדאָזיגער ארבעט.

ווי געזאָגט אויפ׳ן „שער־בלאַט", איז דאָס לערביכל באַשטימט פאַר די „אידישע קלאַסן" אין די תלמוד־תורה׳ס.

אַלס פּרינציפּאַל פון איינער פון די גרעסטע תלמוד־תורה׳ס, האָב איך, ווי אַלע מיינע קאָלעגן, שטענדיג געפילט אַ נויטיגקייט אין אַ ספּעציעלן אידישן לערבוך פאַר די אַזוי גערופענע „ספּעשל קלאַסן".

די אָנגענומענע עברית־בעברית שיטה איז געווים דער בעסטער סיסטעם און אויך דער קירצסטער פאַר נאָרמאַלע קינדער צו לערנען דעם תנ"ך, די העברעאישע ליטעראַטור און די עיקרים פון אידישקייט.

עס זיינען אָבער פאַראַן אינ׳ם רוב אַמעריקאַנער תלמוד־תורה׳ס פיל „ניט־נאָרמאַלע קינדער", ד. ה. קינדער „איבערגעוואַקסענע און פאַרשפּעטיגטע", וועלכע הויבן אָן צו לערנען ביי 10־11 יאָר. און נאָך אַנדערע קינדער, וועלכע זיינען בטבע אומפעהיג צו לערנען העברעאיש און זיי פאַלן ארויס פון די נאָרמאַלע „עברית־בעברית" קלאַסן.

פון די צוויי סאָרטן קינדער ווערן עס צונויפגעשטעלט די „ספּעשל־קלאַסן". און די שיטות־הלמוד פאַר זיי זיינען פאַרשיידענע. אייניגע לערנען מיט זיי „עברית־באַנגלית", און דער סוף איז, אַז דאָס „עברית קלעפּט זיך ניט צו און דאָס „אַנגלית" איז אַ גוי־גמור׳שע — בלייבט פונ׳ם אידישקייט ביי זיי אפילו קיין זכר נישט. אַנדערע לערנען מיט זיי „עברית־באידיש", ווערט מיט דער צייט דאָס „עברית" אויסגעוועפּט און פונ׳ם „אידיש" בלייבט אויפ׳ן שפּיץ מעסער — און זייער אידישקייט גרייכט ניט ווייטער, ווי ביי אַ גר־צדק.

איז קיין וואונדער נישט, וואָס די עלטערן זיינען אַנטוישט: זיי שיקן ניט זייערע קינדער אין קיין אידיש־וועלטליכער שולע, ווייל זיי ווילן אַ רעליגיעז־נאַציאָנאַלע ערציהונג, (אפילו ווען זיי אַליין, די עלטערן, זיינען ניט רעליגיעז און ניט נאַציאָנאַל!) און פונ׳ם „ספּעשל קלאַס" אין ת"ת טראָגן די קינדער ארויס ניט מער ווי אַביסל טרוקענע עברי, אָן שום טעם און ריח.

קומען דאַריבער פיל עלטערן און בעטן: „מיין קינד וועט שוין קיין רב ניט זיין, קיין העברעאיש וועט עס ניט קענען; לערנט מיט דעם אביסל לייענען און שרייבן אידיש, זאָל עס וויסן עטוואָס אידישקייט!...“

דידאָזיגע פשוט'ע, האַרציגע אידן פילן אינסטינקטיוו, אַז אידיש מיינט — אידישקייט, ניט וועלטליכקייט, שפּאַנען זיי שטענדיג צונויף „אידיש“ מיט „אידישקייט“. זיי ווייסן נישט פאַרוואָס, נאָר זיי פילן, אַז מיט וועלטליכקייט איז זייער קינד שוין פאַרזאָרגט איבערגענוג. פאָדערן זיי דאַריבער „אידיש און אידישקייט“.

צו לערנען אָבער „אידיש און אידישקייט“ איז ניטאָ אין וואָס. ניטאָ קיין אידישע לערביכער אַזעלכע.

די ביכער, וועלכע זיינען פאַראַן אויפ'ן מאַרק, זיינען כמעט אַלע באַשטימט פאַר אידישיסטיש־וועלטליכע שולן. קיין סימן פון טראַדיציאָנאַלע אָדער נאַציאָנאַלע מנהגים איז דאָרט ניטאָ.

דער רוב מחברים איז ניט שוה־בשוה מיט'ן רבונו־של־עולם, און אַ סך פון זיי היטן זיך אפילו צו דערמאָנען גאָט'ס נאָמען, כדי דאָס קינד זאָל חלילה ניט אויסוואַקסן קיין „פינסטערלינג“, רחמנא־לצלן.

אויך דער „שטאָף“ אין יענע ביכלאַך איז ניט קיין פּאַסענדער: די „מעשיות“ פון קעצעלאַך און הינטעלאַך האָט דאָס קינד שוין געלייענט גענוג אין די ענגלישע ביכלאַך, און פיל שענערע. און די „ליטעראַטור“ דאָרט איז פאַר'ן קינד אַ גאַנץ פרעמדע וועלט.

פיהלט טאַקע דאַריבער דער פּרינציפּאַל און דער לערער פון דער תלמוד־תורה אַ נויטיגקייט אין אַ ספּעציעלן אידישן לערבוך פאַר יענע אידישע קלאַסן צו לערנען זיי „אידיש און אידישקייט“ אין דער קורצער צייט, וואָס זיי פאַרברייגגען אין ת"ת.

כ'ווייס נישט אויף וויפיל ס'איז מיר געלונגען צו דערפילן דעם „חסרון“. כ'האָב זיך אָבער באמיט צו אַרבעטן לויט דעם טראַדיציאָנעלן גייסט, וועלכער הערשט אין אַלע בעסערע תלמוד־תורה'ס. כ'האָב געגעבן אַזאַ שטאָף, פון וועלכן דאָס קינד זאָל, לערנענדיג די אידישע שפּראַך, לערנען אויך די עיקרים פון אידישקייט.

דאָס אידישע קינד, ווי יעדעס קינד, איז באַגייסטערט פאַר צערעמאָניעס און מנהגים. דעם קינד'ס נשמה דורשט נאָך רעליגיעזע און נאַציאָנאַלע ימים־טובים.

און אום צו דערציען אַ „אידיש קינד“, מוז מען איהם געבען אַ „אידישע דערציאונג“. און אידישע דערציאונג הייסט צו באַהעפטן דעם קינד'ס נשמה מיט דער נשמה פון אידישן פאָלק, מיט די רעליגיעזע און נאַציאָנאַלע טראַדיציעס. און דאָס מוז דאָס קינד לערנען און וויסן.

**מ'קאָן, פאַרשטייט זיך, נישט אויסשעפּן דעם גאַנצן „אידישקייט־שטאָף"** אין איין קליין ביכל; אָבער אַ לערער אַ פּאַכמאַן וועט שוין קאָנען פון דעם ביסל מאַכן „אידישע מטעמים" פאַר'ן קינד.

כ'האָב בכוונה קיין סך „ליטעראַטור" ניט געגעבן דאָ. דאָס וועט קומען אין צווייטן טייל, און אויך לויט דעמזעלבן פּלאַן.

די אָרטאָגראַפיע איז אויך דאָ בכוונה אַ געמישטע, די אַלטע און נייע צוזאַמען, ווייל מיר האָבן דאָך נאָך נישט קיין אָנגענומענע איינהייטליכע אָר־טאָגראַפיע, און עס ווערן ביי אונז געדרוקט ביכער און צייטונגען פון ביידע סאָרטן אויסלייגאַכץ, טאָ זאָל דאָס קינד צוגעוואוינט ווערן דערצו.

דאָס איז דאָך נישט די איינציגע „אומנאָרמאַלע ערשיינונג" אין אונזער לעבן, צו וועלכע אַ אידיש קינד דאַרף זיך צוגעוואוינען!...

פּ. ר.

סיון, ה'תרפ"ט,
ברוקלין, נ. י.

# צו די לערער

די **לערער** זיינען געבעטן צו געדענקען די פאָלגנדע כללים:

**א)** **די** גרויסע לעקציעס (שיעורים) דאַרפן צעטיילט ווערן אויף צוויי-**דריי** טעג, כדי די קינדער זאָלן זיי גוט איינ'חזר'ן.

**ב)** **נאָך** יעדער לעקציע דאַרפן געשטעלט ווערן פּאַסיגע פראַגן, אויף **וועלכע** די קינדער זאָלן געבן ענטפערס בכתב און בע"פ.

**ג)** **די** שווערע אידישע און העברעאישע ווערטער דאַרפן איבערזעצט **ווערן** אין ענגליש, און די קינדער זאָלן זיי פאַרשרייבן ביי זיך.

**ד)** **די** לידער דאַרפן די קינדער קאָנען אויף אויסווענינג און, אויב **מעגליך**, איבערשרייבן זיי אין פּראָזע.

**ה)** **פאַר** יעדער לעקציע דאַרפן געפירט ווערן שמועסן מיט די קינדער **וועגן** דעם ענין, וואָס זיי גייען אָנהויבן לערנען.

(1.)





באַ    באָ    בעֶ

גאַ    גאָ    געֶ

דאַ    דאָ    דעֶ

באָבע    דאָבעֶ

באַ    באָ    בעֶ    גאַ

גאָ    געֶ    דאַ    דאָ

דעֶ    באָבעֶ    דאָבעֶ



באָבע



דאָבע

(2.)

הא הָא הע

ווא וואָ ווע

זא זאָ זע

גאזע וואזע דאָזע האָז

הַא הָא הֶע ווַא וואָ

ווֶע זַא זָא זֶע גאַזע

וואַזע דאַזע האָז.

(3.)

חא חאָ חע. טא טאָ טע

יא יאָ יע. כא כאָ כע

לא לאָ לע. מא מאָ מע

טאטע מאמע



טאַטע



מאַמע

חאַ חאָ חע. טאַ טאָ טע.

יאַ יאָ יע. כאַ כאָ כע.

לאַ לאָ לע. מאַ מאָ מע.

טאַטע מאַמע.

(4.)

נא נאָ נע. סא סאָ סע

פּא פּאָ פּע. פא פאָ פע

צא צאָ צע. קא קאָ קע

רא ראָ רע. שא שאָ שע

תַ תָ תֶ. תַּ תָּ תֶּ

נאַ נאָ נע. סאַ סאָ סע. פּאַ

פּאָ פּע. צאַ צאָ צע. קאַ

קאָ קע. ראַ ראָ רע

שאַ שאָ שע תַּ תָּ תֶּ

# וואַרע לערער לעקעד
# וואָרט וואַש פאַר
# קאָפּע שאַל

וואַרע לערער לעקעד
וואָרט וואַש פאַר.
קאָפּע שאַל.



(5.)








אי בי גי די הי ווי זי חי

טי יי כי לי מי ני סי פּי

פי צי קי רי שו

או בּו גו דו הו (וואו) זו

חו טו יו כו לו מו נו סו

פּו פו צו קו רו שו

אוי בוי גוי דוי הוי (וואוי)

זוי חוי טוי יוי כוי לוי מוי

נוי סוי פּוי פוי צוי

קוי רוי שוי

**בוד־ביכער. בוים־בוימער. נוס־ניס. לערנען.**
**וואַקסן. קנאַקן.**

**ברויט. באַקן. זומער. וואַרם. ווינטער. קאַלט.**
**שול. שולע. אידיש. קינד. און לערער.**

**גראָז. פעלד. גרין. פיל. פאַרק. לופט. פריש**
**איז. גוט.**

ברויט. באַקן. זומער. וואַרם.
ווינטער. קאַלט. שול. שולע. און.
קינד. לערער. אידיש.
גראָז. פעלד. גרין. פיל.
פאַרק. לופט. פריש. גוט.

באמערקונג: דער לערער שטעלט צוזאמען קורצע זאצן פון די גע־
געבענע ווערטער.



אַ שראַנק מיט ביכער

(6.)





# אֵיי בֵּיי גֵיי דֵיי הֵיי וֵוי זֵיי

# חֵיי טֵיי כֵּיי לֵיי מֵיי נֵיי סֵיי

# פֵּיי פֵיי צֵיי קֵיי רֵיי שֵׁיי

# אײַ בײַ גײַ דײַ הײַ װײַ זײַ

# חײַ טײַ כײַ לײַ מײַ נײַ סײַ

# פּײַ פײַ צײַ קײַ רײַ שײַ

דיין. מיין. זיין. בייגעל. היים. פייער. אייז.
וויים. ווײַס. אײַדע. מיידעל. דייוויד. איינגעל
איי. קיילעכדיג.

באמערקונג: דער לערער שטעלט צוזאמען קורצע זאצן פון די גע־
געבענע ווערטער.

אַ בייגעל איז קיילעכדיג. פייער
איז הייס. אייז איז קאַלט. אײַדע
איז אַ שיין מיידעל.

**מיין מאַמע איז אַ גוטע. מיין פּאַפּאַ איז אַ גוטער. מיין לערער אויך. ער לערנט מיך שרייבן און לייענען אידיש. אַ אידיש קינד דאַרף קענען די אידישע שפּראַך. איך לערן אויך העברעאיש און ענגליש.**

מיין מאַמע איז אַ גוטע. מיין פּאַפּאַ איז אַ גוטער. מיין לערער אויך. ער לערנט מיך שרייבן און לייענען אידיש. איך לערן אויך העברעאיש און ענגליש.

| | | | |
|---|---|---|---|
| איך | (איך) בין | מיר | (מיר) זענען |
| דו | (דו) ביזט | | |
| ער | (ער) איז | איר | (איר) זענט |
| זי | (זי) איז | זיי | (זיי) זענען |

# אַ בריף

מיינע טייערע עלטערן:

איך קען שוין אַביסל לייענען און שרייבן אידיש. צו רעדן אידיש איז מיר נאָך שווער. איך בין ניט געוואוינט צו רעדן אידיש.

איך שעם זיך, ווען מע רעדט צו מיר אידיש, און איך קען נישט ענטפערן.

איך וועל לערנען מער, וועל איך קענען רעדן אויך.

אייער (זון) — (טאָכטער) ...

איינע טייערע עלטערן:
איך קען שוין אביסל לייענען
און שרייבן אידיש. 13 רעדן איר
איר נאך שווער. איך קען ניט
געוואוינט 13 רעדן אידיש
איך שעם זיך, ווען אז רעדט
13 איר אידיש, און איך קען
ניט ענטפערן.
איך וועל לערנען אזר, וועל
איך קענען רעדן אויך.
אייער זון... טאכטער...

**(7.)**




זשאַבע, קוואַקען, טייך; פליג, זשומשען, זומער. זשוק, זשיקל, קריכן, פליהען; זשאַמע, וואויל, אינגל.

דזשימי, דזשיימס, אידיש, יעקב; דזשאָזעף, דזשאָן, אידיש, יוסף; דזשייקאָב, דזשעק, אידיש, יעקב; דזשענעט, דזשין, אידיש, חנה.

טשאַרלז, טשאַרלי, אידיש, חיים; טשערעדע, פיל, שאָף; טשאָלנט, עסן, שבת; טשיקאַווע, קוריאַז; טשעפען, רירן, אָנרירן.

באמערקונג: דער לערער שטעלט צוזאמען קורצן זאצן פון די געגעבענע ווערטער און גיט זיי צום איבערשרייבן.

(8.)

| | |
|---|---|
| איך לערן | מיר לערנען |
| דו לערנסט | איר לערנט |
| ער לערנט | זיי לערנען |
| זי לערנט | זיי לערנען |

# אַ שולע

אַלע קינדער לערנען אין שולע. ענגליש לערנט מען אין אַ ענגלישער שולע. העברעאיש און אידיש לערנט מען אין אַ אידישער שולע. אַ אינגל איז אַ שילער (תלמיד). אַ מיידל איז אַ שילערין (תלמידה). אין שולע זיינען דאָ פיל צימערן (חדרים). אין יעדער צימער (חדר) איז דאָ אַ קלאַס. יעדער קלאַס האָט אַ לערער, אָדער אַ לערערין. יעדער לערער שטייט ביי זיין שרייב-טיש. יעדע לערערין שטייט ביי איר שרייב-טיש. יעדער שילער זיצט אויף זיין בענקל. יעדע שילערין זיצט אויף איר בענקל. די לערער לערנען און די שילער הערן זיך צו. די לערער פרעגן און די שילער ענטפערן. אַלע שילער ברייננען ביכער און העפטן אין שולע אריין. אין די ביכער לערנען זיי און לייענען. אין די העפטן שרייבן זיי און צייכנען.

# שרייבן:

| | |
|---|---|
| איך שרייב | מיר שרייבן |
| דו שרייבסט | איר שרייבט |
| ער שרייבט | זיי שרייבן |
| זי שרייבט | זיי שרייבן |

לייענען... זיצן...

פרעגן... שטיין...

| | |
|---|---|
| מיין בוך | אונזער בוך |
| דיין בוך | אייער " |
| זיין בוך | זייער " |
| איר בוך | |

| | |
|---|---|
| מיינע ביכער | אונזערע ביכער |
| דיינע ביכער | אייערע " |
| זיינע ביכער | זייערע " |
| אירע ביכער | |

(9.)

# אַ שול

אַ שול הייסט אַ בית־מדרש, אָדער בית־הכנסת אין העברעאיש. אין אַ שול דאַוונט מען און מען בעט גאָט. אין אַ שול לייענט מען די תורה. די תורה שטייט אין אָרון־קודש. אין שול איז דאָ אַ בימה. אויף דער בימה שטייט אַ חזן. דער חזן זינגט אויף אַ קול. די משוררים זיינען אַ כאָר. דער כאָר זינגט מיט'ן חזן. דער עולם דאַוונט שטיל.



# אַ בריוול

מיינע טייערע עלטערן:

ביי אונז אין תלמוד־תורה האָבן מיר אַ קינדער־שול. אין שול דאַוונען מיר יעדן פרייטאָג־צו־נאַכט און שבת פרי. עס קומען פיל תלמידים און תלמידות. איינער פון די תלמידים איז דער חזן און מיר, דער עולם, זיינען זיינע משוררים. מיר זינגען זייער שיינע זאַכן.

קומט, טייערע עלטערן, צו אונז אין שול, וועט איר האָבן פיל פאַרגעניגן צו הערן אונז דאַוונען.

אייער (זון)... (טאָכטער)...

(10.)

# דער פוילער

מאירקע, דער פוילער
וויל אין שולע ניט גיין,
זאָגט ער צו דער מאַמען:
„איך בין נאָך צו קליין".

---

אַז די מאַמע שיקט אים
פרי אין שולע אַריין,
גענעצט ער און ציט זיך,
וויל אין שולע ניט גיין.

---

שרייט אויף אים די מאַמע:
„מאירקע, דו וועסט גיין".
ווײנט ער, קלאָגט מיט
טרערן,
רעדט צו זיך אַליין:

—אוי, אוי, מאַמע, מאַמע!
עס טוט מיר ווי דער קאָפּ,
איך קאָן קיין טריט ניט
שטעלן —
און ער פאַלט גאָר ווי אַ
סנאָפּ.

---

— „שיק איך נאָך אַ
דאָקטאָר",
זאָגט די מאַמע באַלד,
„וועסטו טרינקען רפואות
ביטערע ווי גאַל".

---

— „אָ, ניין, מאַמע, מאַמע,
איך וועל שוין קראַנק
ניט זיין,
איך וועל שוין לויפן גיכער,
גיך אין שולע אַריין"!

(11.)

# אַ בית־המדרש׳ל

משה רבינו אויף יענער וועלט,
וואַרף מיר אַראָפּ אַ זעקעלע געלט!
צו וואָס דאַרפסטו אַ זעקעלע געלט?
אַ פערד און וועגעלע צו קויפן!
צו וואָס דאַרפסטו אַ פערד און וועגעלע קויפן?
שטיינדעלעך צו פירן!
צו וואָס דאַרפסטו שטיינדעלעך פירן?
אַ בית־המדרש׳ל צו בויען!
צו וואָס דאַרפסטו אַ בית־המדרש׳ל בויען?
דעם פאָטער אין הימל לויבן,
און אים טוען מיר גלויבן!

(12.)

# ווער קען ציילן

דער לערער פרעגט:

— קינדער, ווער פון איך קען ציילן אין אידיש?

אַ אינגל, דזשעק, שטעלט זיך אויף און זאָגט:

— איך קען ציילן, לערער!

דער לערער הייסט דזשעק׳ן איבערציילן זיינע פינגער. דזשעק ציילט:

— איינס, צוויי, דריי, פיר. פינף... — דזשעק בלייבט שטיל.

דער לערער פרעגט:

— דזשעק, האָסטו מער ניט ווי פינף פינגער אויףביידע הענט?

דזשעק פאַרשעמט זיך און ענטפערט:

— איך האָב מער פינגער, אָבער איך... איך קען ניט ציילן אין אידיש מער ווי פינף.

אַלע קינדער אין קלאַס צעלאַכן זיך.

דער לערער שרייבט אויפ׳ן טאַפל און הייסט אַלע קינדער איבערשרייבן פונ׳ם טאַפל אין די העפטן:

1 — איינס
2 — צוויי
3 — דריי
4 — פיר
5 — פינף
6 — זעקס
7 — זיבן
8 — אַכט
9 — ניין
10 — צען

11 — עלף
12 — צוועלף
13 — דרייצן
14 — פערצן
15 — פופצן
16 — זעכצן
17 — זיבעצן
18 — אַכצן
19 —ניינצן
20 — צוואַנציק

30 — דרייסיק
40 — פערציק
50 — פופציק
60 — זעכציק
70 — זיבעציק
80 — אַכציק
90 — ניינציק
100 — הונדערט

(13.)

# צאָלן

1.

דער טאַטע — איינס!
די מאַמע — איינס!
איינס און איינס איז צוויי!
און אַז איך נאָך בין
דערביי ?
איינס און צוויי—איז דריי!
די מומע גייט, איך עפן
איר —
דריי און איינס—איז פיר!

2.

איינס, צוויי, דריי, פיר —
קליינע קינדער זיינען מיר!
פינף, זעקס, זיבן, אַכט —
דער ליבער גאָט באַוואַכט.
ניין, צען, עלף, צוועלף —
קומסט אַריין, זאָג: גאָט
העלף!

3.

צען, צוואַנציג, דרייסיג —
דאָס קינד איז זער פלייסיג!
פערציג, פופציג, זעכציג —
עס איז צום לערנען לעכציג!
זיבעציג, אַכציג, ניינציג —
עס איז גאָר איין־און־איינציג!
און וואָס גייט אַצינדערט ?
עס ווייסט אַליין, אַז הונדערט!

4.

# אַ פּאָר

טאַטע־מאַמע זיינען אַ פּאָר.
זיידע באָבע אויך אַ פּאָר.
איך און מיין ברידערל־אויך אַ פּאָר.
דריי פּאָר — איז זעקס אַלע,
זיצן מיר שבת ביים טיש,
עסן מיר פליישׁ און פיש
מיט שיינער, ווייסער חלה.

5.

# אַ מזומן און אַ מנין

שבת אויפדערנאַכט,
דער טאַטע האָט אַן אורח געבראַכט,
באַלד איז נאָך איינער געקומען, —
בענטשן זיי אַלע מזומן!
אין סוכה עסט מען אַלע אינאיינעם,
קומען אַריין אויך די שכנים.
איינמאָל זיינען געזעסן גאַנצע צען, —
איז ביי אונז אַ מנין געווען!

(14.)

# אַלף־בית

אַלף ־ בית ־ גימל —
עס איז דאָ אַ גאָט אין הימל.
דלת — הא און וואָוו —
מיר זיינען זיינע שאָף!
זין ־ חית ־ טית —
דאָס נישט פאַרגעס!
און דאָס צענטע אות איז ייד —
גאָט, דער פאַסטוך, אונז היט!

---

כף ־ למד ־ מם —
גוטע קינדער, ברוך ־ השם!
נון ־ סמך ־ עין —
טאַטע ־ מאַמע טוען אויף אונז ניט שרייען!
פיי ־ צדיק ־ קוף —
מיר פאָלגן זיי ביים ערשטן רוף!
ריש און שין —
ווי גוטע טעכטער און זין!
און דאָס לעצטע אות איז תיו —
האָבן מיר קיינמאָל ניט קיין שטראָף!

לאָמיר געדענקען און וויסן,
דעם אַלף ־ בית דעם זיסן,
וועלן מיר קענען לייענען און שרייבן,
און גוטע אידישע קינדער פאַרבלייבן.
אידישע קינדער מיט אידישן חן —
זאָגט־זשע אַלע קינדער: אָמן!...



(15.)

# אַ מעת־לעת

אַ טאָג מיט אַ נאַכט הייסן אַ מעת ־ לעת.
אַ מעת ־ לעת האָט פיר ־ און ־ צוואַנציג שטונדן (שעה).
דער מעת ־ לעת ווערט צעטיילט אויף דריי טיילן:
אַכט שעה דאַרף אַ מענטש אַרבעטן,
אַכט שעה — לערנען.
און אַכט שעה — שלאָפן.

---

ווער עס אַרבעט — איז אים וואויל; ווער עס אַר־בעט נישט — איז פויל!

ווער עס לערנט — איז אַ חרוץ; ווער עס לערנט ניט — איז אַן עם ־ הארץ!

(16.)

# לייבעלע און זיין טאַטע

לייבעלע׳ס טאַטע איז געקומען פאַרנאַכט אַהיים פון דער ארבעט זייער מיד. האָט ער זיך צוגעלעגט אויף דעם בעט אַביסל אָפּרוען.

איז לייבעלע אָנגעקומען פון דער שולע און זעט: זיין טאַטע ליגט.

פרעגט אים לייבעלע:

— פּאַפּאַ, וואָס ליגסטו? ביזטו, חלילה, ניט געזונט?

ענטפערט אים דער טאַטע:

— ניין, מיין קינד. איך בין, ברוך־השם, געזונט; נאָר איך בין זייער מיד פון מיין שווערער ארבעט.

אויף מאָרגן איז לייבעלע אויפגעשטאַנען גאַנצפרי און האָט זיך גענומען אָנטאָן איילנדיג.

— וואָס איילסטו זיך היינט אַזוי, מיין זון? — פרעגט דער טאַטע.

— איך וויל גיין מיט דיר צו דער אַרבעט, פּאַפּאַ! — ענטפערט לייבעלע.

— וואָס וועסטו דאָרט טאָן, לייבעלע?

— איך זע, אַז פאַר דיר אַליין איז די אַרבעט צו שווער, וועל איך דיר העלפן!

דער טאַטע האָט לייבעלען אַ קוש געטאָן און געזאָגט:

— ביזט אַ טייער קינד; אָבער דו ביזט נאָך צו קליין צו אַרבעטן. קליינע קינדער דאַרפן גיין אין שולע אריין לערנען.



| | |
|---|---|
| איך אַרבעט | איך וועל אַרבעטן |
| דו אַרבעטסט | דו וועסט ״ |
| ער אַרבעט (זי ?) | ער (זי) וועט ״ |
| מיר אַרבעטן | מיר וועלן ״ |
| איר אַרבעט | איר וועט ״ |
| זיי אַרבעטן. | זיי וועלן ״ |

| | |
|---|---|
| איך האָב געאַרבעט | מיר האָבן געאַרבעט |
| דו האָסט ״ | איר האָט ״ |
| ער (זי) האָט ״ | זיי האָבן ״ |

| | |
|---|---|
| עסן ?... | שרייען ?... |
| זיצן ?... | זינגען ?... |
| שרייבן ?... | זען ?... |
| גיין ?... | זייען ?... |

| | |
|---|---|
| איך האָב.... | איך בין.... |

באַמערקונג צום לערער:

דער לערער דאַרף דאָ געבן צו פאַרשטיין גענוי דעם חילוק צווישן די „טראַנזיטיווע“ און „אונטראַנזיטיווע“ צייטווערטער, „פועל יוצא“ און „פועל עומד“, אום די תלמידים זאָלן וויסן ווען צו זאָגן „איך האָב“ און ווען — „איך בין“. אַמעריקאַנער קינדער פאַרבייטן אָפט די יוצרות אין דעם פאַל.

(17.)

## אין חדר

(פאָלקס־ליד)

גיי, מיין קינד, אין חדר,
לערן תורה, לערן כסדר,
סידור, חומש און גמרא
וועסטו זיין באַהיט פון יעדער צרה.

לויף, מיין קינד, לויף צום רבי'ן,
וועט ער שפייז דיין נשמה געבן.
לויף, מיין קינד, און לערן תורה,
תורה איז די בעסטע סחורה.



## די וואָך

די וואָך האָט זיבן טעג. זעקס טעג אַרבעט מען, דעם זיבעטן טאָג רוט מען.

די טעג הייסן אַזוי: זונטאָג, מאָנטאָג, דינסטאָג, מיטוואָך, דאָנערשטאָג, פרייטאָג און ש ב ת.

ש ב ת הייסט אין העברעאיש רו.

גאָט האָט באַשאַפן די וועלט אין זעקס טעג, און אין דעם זיבעטן טאָג האָט ער גערוט.

דערפאַר דאַרפן אידן אויך רוען שבת. שבת טאָר מען ניט אַרבעטן.

(18.)

# תפילות און סידור

„תפילה” הייסט געבעט אין העברעאיש (דאַוונען). אידן דאַוונען דריי מאָל אין טאָג. אינדערפרי דאַוונט מען „שחרית”, די מאָרגן-תפילה. פאַרנאַכט דאַוונט מען „מנחה”, די פאַרנאַכט-תפילה. און אין אָוונט דאַוונט מען „מעריב”. די אָוונט-תפילה.

די הויפּט תפילה׳ס זיינען „קריאת שמע”, וואָס מען לייענט „שמע ישראל”, און „שמונה-עשרה”, וואָס מען שטעלט זיך אַוועק און מען זאָגט די „אַכצן ברכות”.

שבת, ראש-חודש און יום-טוב אינדערפרי זאָגט מען צוויי שמונה-עשרה׳ס. די צווייטע שמונה עשרה הייסט „מוסף”.

דאָס בוך, אין וועלכן אַלע תפילות זיינען צוזאַמענגעשטעלט, הייסט אין העברעאיש „סידור”.



(19.)

# ערב שבת

פרייטאָג הייסט ערב - שבת, ווייל דער שבת הויבט זיך אָן פרייטאָג פאַרנאַכט. פרייטאָג גייט די מאַמע אין מארק, זי קויפט אַלצדינג פאַר שבת: פלייש, פיש, חלה, ליכט. זי קאָכט אָפּ און מאַכט גרייט אַלע מאַכלים פאַר פרייטאָג אָוונט און פאַר דעם גאַנצן טאָג שבת. נאָכ׳ן קאָכן ראַמט זי אויף אין הויז, פאַרשפרייט דעם טיש מיט אַ ווייסן טישטוך, און זי שטעלט אַריין ליכט אין די לייכטער.

אידער די זון זעצט זיך, וואַשט די מאַמע אָפּ אַלע קינדערלאַך, טוט זיי אָן שבת׳דיגע קליידער. און די מאַמע אַליין טוט זיך אויך אָן שבת׳דיג.

דער פּאַפּאַ קומט אַהיים. ער וואַשט זיך אויך אַרום און טוט זיך אָן שבת׳דיג.

די מאַמע בענטשט ליכט, און דער פּאַפּאַ גייט אין שול אַריין דאַווענען.

ווען דער פּאַפּאַ קומט פון שול זאָגט ער: „גוט שבת״! ער מאַכט קידוש אויף וויין און אַלע זעצן זיך צום טיש עסן די סעודה פון פרייטאָג - צו - נאַכט.

ביים עסן זינגט מען זמירות, שבת - לידער, און מען פרייט זיך מיט דער שבת־רו.

(20.)

# ערב־שבת ליד

ווי ליב די רו איז דיינע
פרינצעסין שבת, פיינע!
מיר לויפן דיר אַנטקעגן אַלע,
מיר בעטן: „קום, געקרוינטע כלה!”
פון אַלע מלאכות איז אַן עק,
די ארבעט לעגט מען איצט אַוועק,
זיך תענוג אָנצוטאָן ביים טיש,
מיט וויין, חלה, פלייש און פיש,
אַ שמחה, אַ פרייד אויף אַלע אידן,
זיי זיינען פרום און שטאַרק צופרידן!



ליכט־בענטשן

(21.)

# יוסף דער שבת־איד

אַמאָל איז געווען אַן אָרימער, פרומער איד, האָט ער געהייסן יוסף. פלעגט ער זייער ליב האָבן דעם שבת. אַ גאַנצע וואָך האָט ער געגעסן טרוקן ברויט מיט זאַלץ און פאַרטרונקען מיט וואַסער, און דאָס פאַרדינסט פון דער וואָך האָט ער געשפּאָרט אויף שבת. פרייטאָג פלעגט ער קויפן אַ סך פלייש, פיש און ווייַן לכבוד דעם טייערן און הייליגן טאָג שבת.

און דערפאַר האָט מען אים גערופן: יוסף דער שבת ־ איד.

יוסף האָט געאַרבעט ביי אַ רייכן גוי, און דער גוי פלעגט אים שטענדיג אָפּנאַרן. ער פלעגט אים קיינמאָל ניט באַצאָלן וויפיל עס איז אים געקומען פאַר זיין שווערער אַרבעט.

איינמאָל איז צום רייכן גוי געקומען אַ שטערנ־זעער און האָט אים געזאָגט:

— דו זאָלסט וויסן, אַז דיין געלט האָסטו פון יוסף׳ס אַרבעט, און דערפאַר וואָס דו נאַרסט אים אָפּ, וועט גאָט אָפּגעבן דיין געלט צו דעם איד יוסף.

האָט דער רייכער גוי גענומען און פאַרקויפט אַלע זיינע הייזער און פעלדער און געקויפט אַ גרויסן

דימענט. דעם דימענט האָט ער איינגעניית אין זיין היטל. און ער האָט געזאָגט.

— אַצינד וועט שוין גאָט ניט קאָנען צונעמען ביי מיר מיין רייכטום און דאָס אַוועקגעבן צום אידן. איך וועל דעם דימענט שטענדיג טראָגן אויף מיין קאָפּ!

גייט דער גוי איינמאָל אויף אַ בריק, איז געוואָרן אַ שטאַרקער ווינט, און דער ווינט האָט אַראָפּגעריסן ביים גוי דאָס היטל און עס איז אַריינגעפאַלן אין טייך אַריין. איז געקומען אַ גרויסער פיש און האָט דאָס היטל מיט׳ן דימענט איינגעשלונגען.

ערב־שבת איז אַ פישער געזעסן ביים טייך און געכאַפּט זייער אַ גרויסן פיש. האָט ער געטראָגן דעם פיש צו פאַרקויפן, נאָר קיינער האָט ניט גע־וואָלט באַצאָלן אַזאַ גרויסן פרייז, וואָס דער פישער האָט געוואָלט.

איז אָנגעקומען יוסף דער שבת־איד און האָט דעם פיש געקויפט לכבוד שבת.

קומט יוסף אַהיים און צעשנייט דעם פיש, — און ער געפינט דאָרט דעם גרויסן דימענט.

יוסף איז געוואָרן רייך און האָט געגעבן פיל צדקה צו אידן און צו גויים.



# דער אוצר

(אַ מעשה׳לע.)

אויף יענער זייט באַרג, הינטער דעם אַלטן בית־המדרש, געפינט זיך אַן אוצר.

אַזוי האָט מען געשמועסט ביי אונז אין שטעטל.

נאָר קומען צום אוצר איז נישט אַזוי גרינג. אַז אַלע אידן אין שטעטל וועלן לעבן בשלום, און וועלן זיך נעמען אַלע אים זוכן, דאַמאָלט וועט מען אים געפינען.

אַזוי האָט מען דערציילט ביי אונז אין שטעטל.

און אַז אַלע אידן וועלן לעבן צופרידן, ס׳וועט נישט זיין קיין שנאה, קיין קנאה, קיין קריג, קיין לשון־הרע, קיין רכילות צווישן אידן, וועט מען אָפּזוכן דעם אוצר, און אַז ניט, — וועט ער אַריין טיף־טיף אין דער ערד אַריין...

און אַלע אידן פון שטעטל האָבן אָנגעהויבן צו זוכן דעם אוצר, דער האָט געזוכט דאָ און דער — דאָרטן, און מען האָט זיך אָנגעהויבן צו שפּאַרן, צו אַמפּערן זיך, צו ווערטלען זיך, צו זידלען זיך און צו קריגן זיך, וואָס ווייטער אַלץ מער און אַלץ שטאַרקער — און אַלץ איבערן אוצר.

און דער אוצר? — דער אוצר האָט געזונקען אַלץ טיפער און טיפער אין דער ערד אַריין...

(22.)

# מוצאי־שבת

שבת - צו - נאַכט רופט מען „מוצאי - שבת", דאָס הייסט ווען דער שבת גייט אַוועק.

ווען די זון זעצט זיך און עס באַווייזן זיך די ערשטע דריי שטערן אין הימל, זאָגט די מאַמע שטילערהייד די תפילה פון מוצאי - שבת:

— „גאָט פון אברהם און פון יצחק און פון יעקב באַהיט דיין פאָלק ישראל פון אַלדאָס בייז, די וואָך זאָל צו אונז קומען מיט געזונט און מיט ברכה און מיט הצלחה, אמן סלה"!...

נאָכדעם צינדט די מאַמע אָן די ליכט צו באַ-גלייטן דעם שבת. דער טאַטע מאַכט הבדלה איבער ויין און ער זינגט „אליהו הנביא".



# אליהו הנביא

(פאָלקס־ליד)

אליהו הנביא זיצט אויבן אָן,
אין גאָלד און זילבער אָנגעטאָן,
נעמט דעם בעכער אין זיין האַנט,
מאַכט אַ ברכה איבער'ן גאַנצן לאַנד.
און אַזוי הויך, און אַזוי שיין,
און כל־ישראל'ס קינדער זאָגן: „אמן".
אמן ואמן, אמת און וואָר,
משיח זאָל קומען היינטיגס יאָר!...



הבדלה

(23.)

# דער חודש

אַ אידישער חודש, (מאָנאַט) האָט אַמאָל נײַן־און־צוואַנציג טעג, און אַמאָל דרייסיג טעג.

דער ערשטער טאָג פונ׳ם חודש הייסט „ראש־חודש” (אָנהויב פון מאָנאַט).

אַמאָל איז ראש־חודש נאָר איין טאָג, און אַמאָל — צוויי טעג.



# דאָס יאָר

אַ אידיש יאָר האָט צוועלף מאָנאַטן (חדשים).

די חדשים הייסן: ניסן, אייר, סיון, תמוז, אָב, אלול, תשרי, חשון, כסלו, טבת, שבט, אָדר.

עס איז אויך דאָ אַמאָל אַ יאָר, וואָס האָט דרייצן מאָנאַטן. אַזאַ יאָר רופט מען אַ „עבור יאָר”.

אין אַן עבור־יאָר איז דאָ צוויי חדשים אָדר; „ערשטער אָדר” און „צווייטער אָדר”.

# די פיר צייטן פונ׳ם יאָר

דאָס יאָר האָט פיר צייטן (תקופות):
פרילינג, זומער, האַרבסט, ווינטער.
די פרילינג מאָנאַטן (חדשים) זיינען: ניסן, אייר, סיון.
די זומער חדשים (מאָנאַטן) זיינען: תמוז, אָב, אלול.
די האַרבסט מאָנאַטן (חדשים) זיינען: תשרי, חשון, כסלו.
די ווינטער חדשים (מאָנאַטן) זיינען: טבת, שבט, אָדר.



# די אידישע נומערן

די אותיות פונ׳ם אידישן אלף־בית באַדייטן אויך אַלס נומערן (ציפערן). יעדעס אות איז אַ באַזונדער נומער. און אידישע קינדער מוזן דאָס גוט געדענקען.

| | | | | | | | | |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| א | איז | 1 | י | איז | 10 | ק | איז | 100 |
| ב | ״ | 2 | כ | ״ | 20 | ר | ״ | 200 |
| ג | ״ | 3 | ל | ״ | 30 | ש | ״ | 300 |
| ד | ״ | 4 | מ | ״ | 40 | ת | ״ | 400 |
| ה | ״ | 5 | נ | ״ | 50 | | | |
| ו | ״ | 6 | ס | ״ | 60 | | | |
| ז | ״ | 7 | ע | ״ | 70 | | | |
| ח | ״ | 8 | פ | ״ | 80 | | | |
| ט | ״ | 9 | צ | ״ | 90 | | | |

באַמערקונג: דער לערער דאַרף דאָ געבן פאַרשידענע נומערן, לויט די טעג פון דעם חודש, למשל: „כ״ה כסליו״, י״ד ניסן, ט״ו שבט, א. אַז. וו.

# אידישע צייטרעכנונג

אידן האָבן אַ אידישע צייטרעכנונג. ניט אַזוי ווי די איבריגע פעלקער ציילן.

אידן ציילן דאָס אידישע יאָר זינט די וועלט איז באַשאַפן געוואָרן. די איבריגע פעלקער ציילן נאָך דער קריסטליכער צייטרעכנונג.

ווען מען וויל וויסן די צאָל פון אידישן יאָר, דאַרף מען צורעכענען דריי טויזנט זיבן הונדערט און זעכציג יאָר צו דער צאָל פון דעם קריסטליכן יאָר. למשל:

$$\begin{array}{r} 1931 \\ +\;3760 \\ \hline 5691 \end{array}$$

דאָס אידישע יאָר פאַרצייכנט מען מיט אידישע אותיות.

צום ביישפיל: איצט ציילן מיר פינף טויזנט זעקס הונדערט איין און ניינציג יאָר, שרייבן מיר אַזוי: ה׳ — דאָס מיינט פינף טויזנט; ת״ר — מיינט זעקס הונדערט און צ״א — מיינט איין און ניינציג.

ה׳תרצ״א — 5691 יאָר לויט די אידישע צייטרעכנונג.

„לוח״ — הייסט אַ קאַלענדאַר אין העברעיאיש.

(24.)

# דאָס אידישע יאָר

## יום־טוב פסח

פונ׳ם פופצענטן טאָג אין חודש ניסן ביז׳ן צוויי־און־צוואַנציגסטן טאָג פייערן מיר דעם יום־טוב פסח.

פסח הייסט דער יום־טוב פון פרייהייט. „זמן חרותנו״.

אַמאָל, אַמאָל זיינען „אונזערע עלטערן״ געווען קנעכט ביים קעניג פרעה אין מצרים.

פרעה איז געווען אַ רשע. ער האָט פיינט געהאַט די אידן. האָט ער זיי געגעבן זייער שווערע אַרבעט צו טאָן פאַר אים. ער האָט זיי אפילו קיין איין טאָג רוה ניט געוואָלט געבן. ביי־טאָג און ביי־נאַכט האָבן די אידן געמוזט קנעטן ליים, מאַכן ציגל און פון די ציגל בויען גאַנצע שטעט און מויערן פאַר פרעה׳ן און פאַר זיינע עלטסטע.

פרעה האָט אַוועקגעשטעלט אַ סך אויפזעער נעבן זיי, און ווען אַ איד האָט זיך געוואָלט אָפּרוען אַביסל, איז באַלד צוגעלאָפן צו אים אַן אויפזעער מיט אַ שטעקן און האָט אים געשלאָגן.

פרעה האָט אויך באַפוילן, אַז מען זאָל אַלע ניי־געבאָרענע אידישע אינגלאַך אַריינוואַרפן אין טייך.

ער האָט געוואָלט אומברענגען אַלע אידן.

האָבן די אידן געשריגן צו גאָט, האָט ער זיי געשיקט אַ פירער משה, ער זאָל זיי העלפן.

איז משה געקומען צו פּרעה'ן און אים געזאָגט:

— דער אידישער גאָט האָט געהייסן דו זאָלסט באַפרייען די אידן!

האָט פּרעה געלאַכט און געענטפערט:

— איך קען נישט דעם אידישן גאָט און וועל די אידן ניט באַפרייען!

האָט משה אים געוואָרענט:

— דער אידישער גאָט וועט דיך באַשטראָפן!

האָט פּרעה ווידעראַמאָל געלאַכט און געזאָגט:

— איך האָב נישט מורא פאַר דעם אידישן גאָט!

האָט גאָט אָנגעשיקט אויף פּרעה'ן און אויף דעם גאַנצן לאַנד מצרים צען „מכות" איינע נאָך דער אַנדערער. איז פּרעה שוין געקומען צולויפן און גע־בעטן משה'ן, ער זאָל אַרויסנעמען די אידן פריי פון מצרים.

און דעם פופצענטן טאָג אין חודש ניסן האָט משה אַרויסגעפירט אַלע אידן מיט זייערע ווייבער און קינדער פון מצרים.

דערום פייערן אידן שטענדיג דעם יום־טוב פסח, וועלכער הייסט דער יום־טוב פון פרייהייט.

(25.)

# דער סדר

אין אָוונט פון׳ם פערצנטן און אויך פון׳ם פופצנטן טאָג פון חודש ניסן מאַכט יעדער איד אַ „סדר”.

אין דער וואָך פון ערב־פּסח מאַכט מען ריין אין יעדן אידישן הויז: מע ראַמט, מע וואַשט, מע פּרעסט, מע וואַרפט אַרויס אַלע חמצ׳דיגע מאכלים און כלים, מע מאַכט כשר אויף פּסח, — און מע ברענגט אַריין מצות, ווייל פּסח טאָר מען קיין חמץ ניט עסן.

ערב פּסח פאַרנאַכט. אין הויז איז שיין, ריין און פּסח׳דיג. אַלע זיינען יום־טוב׳דיג אָנגעטאָן. דער טיש איז באַדעקט מיט אַ ניי־ווייס טישטוך. אויפ׳ן טיש שטייען די אויסגעפּוצטע לייכטער מיט ליכט. די מאַמע צינדט אָן די ליכט און בענטשט לכבוד יום־טוב.

דער טאַטע קומט פון שול. ער שטעלט אַוועק אויפ׳ן טיש אַ גרויסן טעלער (אַ קערה). אויפ׳ן טעלער לעגט ער אַוועק דריי מצות. אויף די מצות לעגט ער מרור, חרוסת, כרפּס, זרוע און אַן איי. נעבן דער קערה שטעלט ער אַוועק אַ פלאַש מיט רויטן וויין און כוסות, פאַר יעדן באַזונדער אַ כוס און אויך אַ כוס פאַר „אליהו הנביא”.

דער טאַטע און די זין מאַכן קידוש אויף וויין. נאָכדעם פרעגט דער קלענסטער זון די „פיר קשיות”

וועגן פּסח. דער טאַטע ענטפערט אים און ער דערציילט די גאַנצע געשיכטע, ווי אַזוי די אידן זיינען באַפרייט געוואָרן פון מצרים. דאָס בוך, וואָס מ'לייענט ביים סדר הייסט „הגדה".

מע טרינקט פיר כוסות, (ארבע כוסות) און מע עסט און מע זינגט און מע פריידט זיך מיט'ן שיינעם יום־טוב פּסח.



דער סדר

(26.)

# ביים סדר

(אַ מעשה)

א.

— ווייסטו וואָס, קינד מיינס? — זאָגט צו מיר די מאַמע (ערב־פּסח פאַרנאַכט) — לייג זיך צו, שלאָף זיך אויס, וועסטו קאָנען זיצן ביים סדר און פרעגן דעם טאַטען די פיר קשיות.

— משוגע בין איך? פאַר'ן סדר וועל איך גיין שלאָפן?

— געדענק־זשע, פּסח צום סדר טאָר מען ניט שלאָפן. וואָרום טאָמער, חלילה, וועסטו אַנטשלאָפן ביים סדר, אַזוי קומט אליהו הנביא מיט אַ זאַק אויף די פּלייצעס... און ווער עס שלאָפט ביים סדר, דעם נעמט ער אין זאַק אַריין.

— כאַ, כאַ! איך וועל אַנטשלאָפן ווערן ביים סדר? איך? און אַז מע זאָל זיצן אַ גאַנצע נאַכט? און אפילו ביז'ן ווייסן טאָג אַריין? ווי אַזוי איז געווען, מאַמע, פאַר־אַ־יאָרן?

— פאַר־אַ־יאָרן ביסטו אַנטשלאָפן געוואָרן באַלד נאָך קידוש.

— פאַר־וואָס־זשע איז ניט געקומען צו מיר דעמאָלט אליהו הנביא מיט'ן זאַק?

— דעמאָלט ביסטו נאָך געווען אַ קליינינקער, היינט ביסטו אַ גרויסער, היינט דאַרפסטו פרעגן דעם טאַטע'ן די פיר קשיות. היינט דאַרפסטו זאָגן מיט'ן טאַטן די הגדה... שאַ, אָט גייט דער טאַטע פון שול.

ב.

דער טאַטע האָט אָפּגעמאַכט קידוש. איך אויך. דער טאַטע האָט אויסגעטרונקען דעם ערשטן כוס. איך אויך. און דוקא אַ פולן כוס.

— זע נאָר — זאָגט די מאַמע — אַ פולן בעכער מיט וויין אויסגעטרונקען? וועסט אַנטשלאָפן ווערן!

— כאַ, כאַ! איך וועל אַנטשלאָפן ווערן? איך? און אַז מע זאָל זיצן אַ גאַנצע נאַכט? און אפילו ביז'ן ווייסן טאָג אַריין? אַנו, פרעג דעם טאַטע'ן, ווי אַזוי איך האָב אָפּגעזאָגט די פיר קשיות?

און די מאַמע שמייכלט און זאָגט צו מיר:

— וועסט אַנטשלאָפן ווערן, וועסט אַנטשלאָפן ווערן!

וואָס זשע מיינט איר איז געווען? איך בין טאַקע באַלד אַנטשלאָפן געוואָרן...



(27.)

# ארבע כוסות

מיט פרייד און ליבע אָן אַ מאָס,
מיט הייסן גלויבן, טיפע טרייהייט,
הויב אויף, מיין קינד, דעם ערשטן כוס
פאַר אונזער אַלטע, זיסע פרייהייט!

דעם צווייטן כוס הויב אויף, מיין קינד,
לכבוד אונזער אַלטע תורה,
וועלכע איז און וועט תמיד זיין
די ליבע, איינציגע מנורה.

דעם דריטן כוס נעם, קינד, אין האַנט
און הויב אים אויף ווי אַ זכרון
פון אונזער אַלטן פאָטערלאַנד,
פון יענע טעג און יאָרן,

דעם פערטן כוס גיס אָן
און טרינק: „— לחיים, ברידער!
פאַר אונזער נייע פרייהייט־פאָן!
וועלכע וועט קיין ציון אונז פירן ווידער! —"

(28.)

## ספירה

ספירה הייסט ציילן. פון דעם צווייטן טאָג פסח ציילט מען אָפּ פופציג טעג און דעמאָלט מאַכט מען יום־טוב שבועות.

פאַרוואָס ציילט מען? ווייל אַמאָל, אין ארץ־ישראל, (פאַלעסטינע), זיינען אַלע אידן געווען פאַרמער. און ווען עס פלעגט ווערן פאַרטיג די תבואה אויף די פעלדער, פלעגן זיי ברייגנען אַזאַ מאָס (עומר) צום כהן אַלס מתנה, צו דאַנקען גאָט פאַר די פרוכט, וואָס ער גיט.

און די תורה האָט געזאָגט, אַז פון דעם טאָג, וואָס מע ברייגנט דעם „עומר”, דאַרף מען ציילן פופציג טעג. זיבן גאַנצע וואָכן.

און דערפאַר ציילט מען איצט „ספירה”, אַלס אָנדענק.

(29.)

## ל״ג־בעומר

אַמאָל האָבן די רוימער איינגענומען ארץ־ישראל און זיי האָבן געטאָן אַ סך שלעכטס צו די אידן. זיי האָבן ניט געלאָזט לערנען די תורה, ניט געלאָזט היטן שבת, און זיי האָבן אַרויפגעלעגט גרויסע שטייערן.

האָבן די אידן געמאַכט אַ מלחמה מיט די רוימער. און איינער אַ גרויסער רבי, עקיבא, מיט זיינע תלמידים האָבן אויך אַנטייל גענומען.

איז פּלוצלינג געוואָרן אַ שלאַפקייט (מגפה) צווישן די תלמידים און אַ סך פון זיי זיינען אויסגעשטאָרבן. און דעם דריי־און־דרייסיגסטן טאָג אין „עומר" האָט דאָס שלאַפקייט אויפגעהערט. און די אידן האָבן געשלאָגן די רוימער.

און דערום פייערט מען „ל"ג־בעומר" („למד" — איז דרייסיג, און „גימל" — איז דריי. דאָס הייסט: דריי־און־דרייסיג טאָג אין עומר) און אידישע קינדער גייען אין פעלד אריין און שפּילן מיט שווערדלאך און ביקסלאך, אַלס אָנדענק פון יענער גרויסער מלחמה.



ל"ג בעומר

## ל״ג־בעומר

ל״ג־בעומר היינט, ל״ג־בעומר היינט.
קינדערלאַך זייט גרייט,
נעמט יעדערער אַ שווערדעלע
און אין פעלד אַריין גייט.

אין דער לופט איז יום־טוב׳דיג,
פריי זיינען מיר,
ל״ג־בעומר היינט, ל״ג־בעומר היינט —
מאַכן מיר אַ שפּאַציר.

אַ שפּאַציר אין וואַלד אַריין,
מיט די פייל־און־בויגן,
האָבן אונז פייגעלאַך דערזען
און — אַוועקגעפלויגן.



(30.)

# יום־טוב שבועות

דעם זעקסטן און דעם זיבעטן טאָג פון חודש סיון פייערן מיר דעם יום־טוב שבועות.

„שבועות" הייסט אין העברעאיש וואָכן.

אין דער תורה שטייט געשריבן: „זיבן וואָכן זאָלסטו ציילן פון פסח, און דאַן זאָלסטו מאַכן אַ יום־טוב שבועות".

דער יום־טוב שבועות דערמאָנט אָן צוויי זאַכן:

ערשטנס, אַז אין דעמדאָזיגן טאָג האָט גאָט געגעבן צו די אידן די תורה אויפ'ן באַרג סיני דורך משה רבינו.

צווייטנס, אַז אַמאָל, אין ארץ־ישראל, פלעגן די אידישע פאַרמער ברייגנען פון זייערע ערשטע צייטיגע פרוכט, ווייץ און גערשטן, אַ מתנה אין בית־המקדש אַריין.

צייטיגע פרוכט הייסט אין העברעאיש „בכורים".

און דאַרום הייסט שבועות אויך „חג הבכורים" און „זמן מתן תורתנו".

(31.)

# מתן תורתנו

שבועות, ליבע קינדערלאך,
שבועות איז געקומען!
באַפלאָכטן מיט פיל גרינם,
באַקרענצט מיט פרישע בלומען.

גייט זומער־לעב, עס שיינט און קלינגט
אין וואַלד, אין פעלד, אין גאָרטן;
עס פליען, פליען פויגעלאַך
און זינגען שירה דאָרטן;

דער ליבער גרינער יום־טוב גייט,
זמן מתן תורתנו!...
גאָט איז אַן איין־איינציגער,
און זיין תורה׳לע איז איינע!...



(32.)

# ווי אַזוי די תורה איז געגעבן געוואָרן

עס איז געווען אין דעם דריטן מאָנאַט נאָכן אַרויסגיין פון מצרים, זיינען די אידן געקומען צום באַרג סיני. האָט גאָט געזאָגט צו משה'ן:

— גיי זאָג די אידן, זיי זאָלן וואַשן זייערע קליידער און זיך מאַכן ריין און הייליג, ווייל איך וועל זיי געבן די תורה.

נאָך דריי טעג פון גרייטן זיך, האָט אָנגעהויבן צו דונערן און צו בליצן. אַ געדיכטער וואָלקן האָט צו־געדעקט דעם באַרג, ער האָט גערויכערט און גע־ציטערט.

דאָס גאַנצע פאָלק האָט געזען די דונערן און די בליצן און די פלאַמען פייער און דעם רויכערדיגן באַרג, און זיי האָבן מורא געהאַט צוצוגיין נאָענט. נאָר משה אַליין איז אַרויף אויפ'ן באַרג דורך די וואָלקנס.

און די אידן האָבן דערהערט גאָט'ס שטימע, וועלכע האָט אויסגערופן די צען געבאָט, די „עשרת הדברות״:

א) איך בין גאָט, דיין גאָט, וואָס האָב דיך אַרויסגענומען פון מצרים, פונ׳ם הויז פון קנעכטשאַפט.

ב) זאָלסט ניט האָבן קיין אַנדערע געטער חוץ מיר; דו זאָלסט דיר ניט מאַכן קיין אָפּגעטער און קיין געשטאַלט, וואָס איז אין הימל אויבן, און אויף דער ערד אונטן, און אין וואַסער אונטער דער ערד, און זאָלסט זיך צו זיי ניט בוקן, און זאָלסט זיי ניט דינען.

ג) דו זאָלסט ניט אַרויסרעדן גאָט׳ס נאָמען צו פאַלשקייט.

ד) געדענק צו האַלטן הייליג דעם טאָג שבת. זעקס טעג זאָלסטו אַרבעטן און טאָן דיין מלאכה, און דער זיבעטער טאָג זאָל זיין אַ רוה־טאָג צו דיין גאָט. זאָלסט ניט טאָן קיין אַרבעט, ניט דו, ניט דיין זון און טאָכטער, ניט דיין קנעכט און דינסט, ניט דיין אָקס און אייזל, ניט דער פרעמדער וואָס וואוינט אין די טויערן פון דיין לאַנד.

ה) זאָלסט אָפּגעבן כבוד דיין פאָטער און מוטער, כדי דו זאָלסט לאַנג לעבן אויף דער ערד, וואָס גאָט גיט צו דיר.

ו) זאָלסט ניט מאָרדן.

ז) זאָלסט ניט זיין אויסגעלאַסן.

ח) זאָלסט ניט גנב׳ענען.

ט) זאָלסט ניט זאָגן פאַלש עדות געגן דיין חבר.

י) זאָלסט ניט גלוסטן דאָס הויז פון דיין פריינט; זאָלסט ניט גלוסטן די פרוי פון דיין פריינט, און זיין קנעכט און זיין דינסט, זיין אָקס און זיין אייזל און אַלץ וואָס געהערט צו דיין פריינט.



שבועות אין הויז

(33.)

# די תורה און די אידן

איך וועל אייך, קינדער, אַ מעשה דערציילן,
די מעשה איז זייער שיין,
אַ מעשה פון אַ קעניג מיט זיין טעכטערל,
די מעשה איז טאַקע געווען.
דער קעניג איז דער בורא,
דאָס טעכטערל איז די תורה.
האָט דער קעניג די תורה אַרומגעטראָגן
צו אַלע פעלקער אויף דער ערד,
האָט קיינער זי ניט געוואָלט צונעמען —
זיי האָבן ניט געוואוסט איר ווערט.
האָט דער קעניג זי געטראָגן צו די אידן,
האָבן זיי די תורה גענומען זייער צופרידן.
די מעשה איז זייער שיין,
די מעשה איז טאַקע געווען...

(34.)

# זיבּעצן טאָג אין תמוז

„שבעה עשר בתמוז” איז אַ טאָג פון טרויער. אידן פאַסטן דעם גאַנצן טאָג. עס איז אַ „תענית”.

ווייסט איר פאַרוואָס דאָס איז ? דאָס איז אַן אָנדענק פון דער צייט, ווען דאָס בית־המקדש איז געשטאַנען אין ירושלים און אידן האָבן געלעבט אין זייער לאַנד ארץ־ישראל.

נבוכדנאצר, דער קעניג פון בבל, איז אָנגעפאַלן מיט זיין ארמיי און האָט באַלאַגערט די שטאָט ירושלים. אַרום דער שטאָט ירושלים איז געווען אַ שטאַרקע פעסטונג, און דער שונא האָט ניט געקענט אַריין.

אַנדערהאַלבן יאָר האָט געדויערט די באַלאַגערונג, און אין דעם זיבעצענטן טאָג אין תמוז האָבן די באַבי־לאָנער דורכגעבראָכן די וואַנט פון דער פעסטונג, אַריינ־געריסן זיך אין שטאָט אַריין און זיי האָבן אויסגע׳הרג׳עט פיל מענער און פרויען און קליינע קינדער.

אין בית־המקדש האָבן זיי אַריינגעשטעלט אַ צלם, און אַלע אוצרות און כלים האָבן זיי צוגענומען. דעם אידישן קעניג צדקיהו האָבן זיי אויסגעשטאָכן די אויגן און אים אַוועקגעפירט אַ געפאַנגענעם קיין בבל, און זיינע זין האָבן זיי געטויט.

פון דעמאָלט אָן איז דער טאָג „שבעה־עשר בתמוז” פאַרבליבן אַ טרויער טאָג ביי אונזער פאָלק.

(35.)

# תשעה־באב

דער ניינטער טאָג אין אָב איז דער גרעסטער טרויער טאָג ביי אידן. די 21 טעג פון „שבעה עשר בתמוז” ביז „תשעה באָב” רופט מען „די דריי וואָכן”.

דאָס זיינען דריי וואָכן פון טרויער, אין וועלכע מע עסט ניט קיין פלייש, מע טרינקט ניט קיין וויין, מע שפּילט ניט קיין מוזיק און מע טוט ניט אָן קיין נייע מלבושים.

און אין דעם לעצטן טאָג פון די דריי וואָכן, „תשעה באָב”, פאַסט מען דעם גאַנצן טאָג, מע גייט אין שול, מע זעצט זיך אויף דער ערד און מע זאָגט „קינות — קלאָג־לידער. די גרעסטע קינה הייסט „איכה ישבה”, וועלכע ירמיהו הנביא האָט פאַרפאַסט. זי הייסט אויך „מגילת איכה”.

ווייסט איר וואָרום „תשעה באב” איז אַזאַ גרויסער טרויער טאָג?

ווייל אין דעם טאָג זיינען חרוב געוואָרן ביידע „בית־המקדש'ן”, וועלכע דאָס אידישע פאָלק האָט געהאַט אין ירושלים.

די באַבילאָנער האָבן פאַרברענט דעם ערשטן בית־המקדש, וועלכן שלמה המלך האָט געבויט, און זיי האָבן פאַרטריבן די אידן קיין בבל.

און די רוימער האָבן פאַרברענט דעם צווייטן בית המקדש, וועלכן די אידן האָבן אויפגעבויט אויפן אָרט פון ערשטן, און עס האָט זיך דאַמאָלט אָנגעפאַנגען דער „גלות”.

אוןביידע חורבנות זיינען געשען אין דעמזעלבן טאָג, „תשעה באב”!

עס איז שוין באַלד צוויי טויזנט יאָר זינט מיר אידן זיינען צעשפּרייט געוואָרן אין אַלע לענדער פון דער וועלט. נאָר מיר האָבן קיינמאָל ארץ־ישראל ניט פאַר־געסן.

און ווען עס קומט „תשעה באב” טרויערן מיר אויפן חורבן פון דעם אידישן לאַנד און אויפן לאַנגן גלות פון אידישן פאָלק.

אידן טרויערן און — האָפן, אַז גאָט וועט ווידער אומקערן דאָס פאָלק צו זיין לאַנד ארץ־ישראל.



(36.)

## ביי די קינות אין שול

ווען איך בין נאָך אַ קינד געווען האָט תשעה־באב אויף מיר געמאַכט אַ טיפן איינדרוק.

אין דער נאַכט פון תשעה־באב איז אין שול טונקל, מע צינט ניט אָן די געוויינליכע באַלייכטונג. דער אָרון־קודש שטייט אָפּגעדעקט, אָן אַ פּרוכת. אַלע זיצן אויף דער ערד מיט אַראָפּגעלאָזענע קעפּ.

דער חזן זעצט זיך אויך אויף דער ערד, נעבן עמוד, און פאַנגט אָן צו זאָגן „איכה״ מיט דעם אומע־טיגן ניגון, אַלע הערן זיך צו און וויינען, און איך וויין אויך. טייכן טרערן ווערן פאַרגאָסן ביי די קינות.

נאָר דאָס וויינען אָבער ניט קיין טרערן, וואָס מע באַקלאָגט אַ טויטן; דאָס וויינען טרערן פון אַ בייגקענדער נשמה, וועלכע האָפט צו באַקומען צוריק וואָס זי האָט פאַרלוירן.

דער איד בייגקט נאָך ציון ווי אַ געטרייער זון בייגקט נאָך זיין אַלטער ליבער מוטער.



תשעה־באָב אין שול

(37.)

# כותל מערבי

(די איבערגעבליבענע וואַנט פונ'ם בית-המקדש)

— דערציילט זשע מיר, איך בעט אייך, אַקוראַט. האָט איר, הייסט עס, אַליין געזען מיט אייערע אייגענע אויגן דעם „כותל מערבי״? האָט איר אים גוט געזען? דערציילט זשע מיר, ווי אַזוי, און וואָס, און ווען?...

אַזוי האָט מיין רבי זיך אָנגערופן צו אַ אידן, וואָס איז נאָר-וואָס געקומען צוריק פון ארץ-ישראל, פון ירושלים.

— זאָגט זשע מיר, איך בעט אייך, מאָלט מיר אויס אַקוראַט!...

דער ירושלים-איד האָט אים אויסגעמאָלט אַקוראַט, ווי די וואַנט קוקט אויס, ווי אַזוי אידן שטייען דאָרט און דאַווענען און בעטן גאָט, און קושן די שטיינער פון דער איינציגער וואַנט, און מיין רבי האָט געשלונגען די ווער-טער, אָנגעקוועלט, געוואָרן „ברייטער ווי לייגנער״, ווי אַ מענטש, וואָס נעמט-אָפּ אַ גרוס פון אַ נאָענטן פריינד אין אַ ווייטער מדינה.

— כותל-מערבי! — האָט דער רבי געזיפצט — כותל מערבי! אָט דאָס איז אונז פאַרבליבן פון אונזער גאַנצן בית-המקדש, פון אונזער גאַנצער מלוכה! כותל מערבי! כותל מערבי!...

און — דער רבי האָט זיך צעוויינט.



כותל־מערבי

(38.)

## שבת „חזון“ און שבת „נחמו“

איך הער אַ פאַראומערטן טאָן,
אַנ'אַלטן, טיף־רירענדן ניגון.
דאָס יאָמערט דער „שבת־חזון“,
דער חורבן, וואָס ווערט ניט אַנשוויגן.

אַ וויי און אַ גרויל נעמט מיך אָן
ביים טרערן־טאָן פון „לכה־דודי“,
פון שרעקליכן „שבת־חזון“,
ווען איך און גאָט טרויערן ביידע.

וואו ביזטו, וואו ביזטו, מיין רו,
מיין אַלטער אַמאָליגער חלום!
וואו ביזטו מיין „שבת־נחמו".
מיין פריילּיכער „„בואי בשלום"!...



(39.)

# דער חודש אלול

דער חודש אלול איז אַ מאָנאַט פון „תשובה".

„תשובה" הייסט אומקערן, ווען אַ מענש קערט זיך אום פון דעם שלעכטן, זינדיגן וועג, און הויבט אָן גיין אין גוטן וועג.

אין דעם חודש מאַכט יעדער איד ביי זיך אין האַרצן אַ חשבון פונם גאַנצן יאָר, ווי אַזוי ער האָט זיך אויפגעפירט. און ער בעט גאָט, ער זאָל אים פאַר־געבן, מוחל זיין אויף די זינד.

די לעצטע וואָך פון אלול זאָגט מען אַלע טאָג „סליחות".

„סליחה" הייסט פאַרגעבן! גאָט פאַרגיט יעדן מענטשן, וועלכער האָט חרטה אויף זיינע זינד און באַשליסט צו טאָן נאָר גוטע זאַכן, וואָס גאָט און מענטשן האָבן ליב.

(40.)

# מיינע ערשטע סליחות

פאַרטאָג. איך ליג אויף מיין געלעגער און קיין שלאָף נעמט מיך שוין מער נישט.

איך קוק אַריין אין דער פינסטערניש און כ'זעה ווי גוטע מלאכים שוועבן אַרום מיר און שמייכלען אַזוי הימליש און ליבליך.

איך בין אַ גליקליכער. מיין האַרץ פרייט זיך. עפּעס אַ קליינינקייט, כ'האָב דערלעבט צו הערן פונם טאַטן דאָס גוטע וואָרט, אַז ער וועט מיך מיטנעמען צו סליחות.

איך בין שוין טאַקע ניט קיין קליינינקער, שוין אַן אַכט־יעריגער בחור, אַ בחור צו גאָט און צו לייט, אַ גמרא־בחור.

דאָס ערשטע מאָל אין מיין לעבן אויפצושטיין צו סליחות — ווי קען מען גאָר איינשלאָפן, דערוואַרטנדיג אַזאַ גליק!

און כ'ליג און וואַרט, כ'האַלט איין מיין אָטעם און הער זיך צו.

און... פּלוצלינג דערהערט זיך אַ קול פון ערגעץ, פון עק גאַס, און ס'דערנענטערט זיך וואָס אַמאָל אַלץ נעהנטער צו אונזער פענסטער.

כ'הער און ציטער אויף:

— שטע־ה־ט אויף! שטע־ה־ט אוי־ף צו עבו־ו־דת הבו־רא!

איך ווייס, אַז דאָס איז מיכל דער שמש מיט׳ן לאַנגן שטעקן, ער זינגט עס אַזוי טרויעריג־זיס און וועקט די שטאָט צו סליחות.

איך ווייס, אַז מיט דעמדאָזיגן מיכל דעם שמש מאַכן מיר קונדסים, שפּאָס אַ גאַנץ יאָר, און כ׳האָב ניט וואָס צו ציטערן פאַר אים.

נאָר איצט דאַכט זיך מיר, אַז דאָס איז איצט ניט דער שטענדיגער מיכל, דער בית־מדרש שמש, נאָר גאָר אַנ׳אַנדער מין מיכל, אַ שליח פון גאָט׳ס סליחות, אַ הייליגער, און זיין שטימע איז אַ בת־קול פונם הימל — און כ׳ליג און ציטער, ס׳קלאַפּט מיר אַ צאָן אָן אַ צאָן.

די שטימע קומט נעהנטער:

— ע־צל ל־מה תשכב, מ־תי תקום מ־ש־נ־ת־ך!... פוילער וואָ־ם ליג־ס־טו, ווען וועס־טו אויפ־שטיין פון דיין שלאָאָאָף!...

און פלוצלונג — אַ קלאַפּ אין טיר:

— שטייט אויף! שטייט אויף צו ס־לי־חו־ת!...

מיין הערצל פּלאַצט שיער פאַר שרעק און — פאַר פרייד.

אין שטוב הויבט זיך אָן אַ באַוועגונג. מע צינט אָן דעם לאָמפּ. מען טוט זיך אָן איילנדיג, און איך — נאָך איילנדיגער פון אַלע.

אָנגעטאָן, אָפּגעוואַשן, אָפּגעזאָגט „מודה אַני״, שטיי איך שוין גרייט מיט די סליחות אין די הענט און וואַרט אונגעדולדיג אויף טאַטע־מאַמע — איך בין דער גליקליכסטער אויף גאָט׳ס וועלט, היינט איז דאָס ערשטע מאָל, וואָס כ׳בין אַ גרויסער און גיי צו סליחות!



(41.)

# ראש השנה

דער ערשטער און צווייטער טאָג פון חודש תשרי איז „ראש השנה״, דער אָנהויב פון ניי־יאָר.

ראש השנה ווערט אָנגערופן: „יום הזכרון״, „יום הדין״ און „יום תרועה״.

יום הזכרון — ווייל גאָט דערמאָנט אַלע מענטשן פון דער וועלט דעמאָלט.

יום הדין — ווייל אין די טעג ווערן איבערגעקוקט אַלע חשבונות פון יעדן מענטשן, ווי אַזוי ער האָט זיך אויפגעפירט אַ גאַנץ יאָר.

יום תרועה — ווייל מע בלאָזט דעמאָלט שופר.

דער שופר איז געמאַכט פון אַ רעם׳ס האָרן. דער מאַן, וועלכער בלאָזט שופר הייסט „בעל תוקע״.

דאָס שופר־בלאָזן דערמאָנט אָן דער צייט, ווען די תורה איז געגעבן געוואָרן אויפ׳ן באַרג סיני.

דאַמאָלט איז אויך געהערט געוואָרן דאָס קול פון שופר. און יעדער מענטש באַטראַכט זיך, צי ער האָט געלעבט ערליך און פיין, ווי די תורה לערנט אונז.

ביידע טעג ראש השנה זיינען אַלע אידן פאַר־זאַמלט אין די שולן און מע בעט צו גאָט. אָבער אידן בעטן ניט נאָר פאַר זיך אליין. זיי בעטן פאַר דער גאַנצער וועלט: אַז אַלע שלעכטע מענטשן זאָלן ווערן גוט און אַלע פעלקער זאָלן זיין פאַראייניגט צו טאָן גאָט׳ס ווילן און לעבן אין פרידן.

ראש השנה ווינטשן זיך אַלע אידן: „לשנה טובה תכתבו", צו אַ גוט יאָר זאָלט איר פאַרשריבן ווערן!



תקיעות

(42.)

# צו תקיעות

ראש השנה אין שול. איך בין געווען נאָך גאָר אַ קליינינקער און האָב נאָך אפילו קיין עברי ניט געקענט.

איך שטיי נעבן טאַטן, און דאָס האַרץ פלאַטערט ביי מיר פון שרעק, קוקנדיג אויף דעם גרויסן עולם אידן, וואָס שאָקלען זיך און שרייען אויף אַ קול. פון אויבן הערט זיך אַ געוויין פון די ווייבער.

— באַלד וועט מען בלאָזן שופר! — זאָגט מיר דער טאַטע.

אויפ'ן באַלעמער (בימה) איז געשטאַנען דער בעל־תוקע, און נעבן אים פון ביידע זייטן צוויי זקנים אָנגעטאָן אין ווייסע קיטלען.

„נו, טראַכט איך מיר. ווי נאָר מע וועט דערהערן דאָס שופר־בלאָזן, וועט מען אויפהערן וויינען, און ס'וועט ווערן אַ שמחה אין שול".

אָט נעמט מען דעם שופר. איין זקן זאָגט פאָר: „תקיעה!" און דער „בעל־תוקע" בלאָזט.

פלוצלינג — און דער גאַנצער עולם, מענער און פרויען, האָבן אויסגעבראָכן מיט אַזאַ שטאַרק געוויין, אַז איך בין דערציטערט געוואָרן.

איך האָב אויך אָנגעהויבן וויינען און שרייען: „טאַ־טע, טאַ־טע!"

**(43.)**

# רבּי אַמנון

אין דער שטאָט מיינץ, אין דייטשלאַנד, האָט אַמאָל געלעבט אַ גרויסער רבי מיט'ן נאָמען אַמנון.

רבי אַמנון איז געווען זייער באַפריינדעט מיט'ן קעניג, און דער קעניג פלעגט שטענדיג אים בעטן ער זאָל זיך שמד'ן און ווערן אַ קריסט.

אָבער רבי אַמנון האָט אפילו ניט געוואָלט הערן דערפון.

איינמאָל האָט דער קעניג גערופן רבי אמנונ'ן צו זיך און האָט אים געזאָגט, אַז אויב ער שמד'ט זיך ניט, פאַרלירט ער זיין פריינדשאַפט אויף אייביג. האָט רבי אַמנון געבעטן דעם קעניג, ער זאָל אים געבן צייט דריי טעג אויף צו באַטראַכטן זיך.

ווי נאָר רבי אַמנון איז געקומען אַהיים, האָט אים שטאַרק באַנג געטאָן, וואָס ער האָט גאָר געגעבן דעם קעניג אַ האָפנונג; ער האָט אים באַדאַרפט באַלד זאָגן, אַז ער וועט קיינמאָל דעם אידישן גאָט ניט פאַרבייטן. און רבי אַמנון איז געוואָרן זייער טרויעריג.

אויפ'ן דריטן טאָג האָט דער קעניג געשיקט רופן רבי אַמנון, האָט ער ניט געוואָלט גיין צו אים. האָט דער קעניג געהייסן אים אַרעסטירן און ברייננגען צו אים.

און דער קעניג האָט אים געפרעגט:

— ווארום האָסטו, רבי אַמנון, דיין וואָרט ניט געהאַלטן און ניט געקומען?

האָט רבי אַמנון געענטפערט:

— איך וועל אַליין זאָגן, ווי אַזוי דו זאָלסט מיך באַשטראָפן: די צונג, וואָס האָט דיר געזאָגט אַ ליגן, זאָל אָפּגעשניטן ווערן!

— ניין, —האָט געזאָגט דער קעניג — דיינע פיס, וואָס זיינען ניט געקומען אין צייט, וועל איך אָפּהאַקן; און דיין גאַנצן קערפּער, וואָס איז פאַר׳עקשנ׳ט, וועל איך פייניגן!

און מען האָט רבי אַמנון׳ס הענט און פיס באַלד אָפּגעהאַקט.

און אַזוי ווי עס איז דעמאָלט געווען ראש השנה האָט רבי אַמנון געבעטן, מען זאָל אים טראָגן אין שול אַריין. אין שול האָט רבי אַמנון געזאָגט די תפילה „ונתנה תוקף״, וועלכע ער האָט אַליין פאַרפאַסט, און באַלד איז ער אויסגעגאַנגען.

פון דעמאָלט אָן זאָגן אַלע אידן די תפילה „ונתנה תוקף״.



(44.)

# יום כפור

דער צענטער טאָג פון חודש תשרי איז יום־כפור.

יום־כפור — הייסט: דער טאָג פון פאַרגעבונג.

יעדער איד האָט חרטה אויף די שלעכטע זאַכן, וואָס ער האָט געטאָן אַ גאַנץ יאָר אַקעגן גאָט און אַקעגן מענטשן.

ערב יום־כפור דאַרף זיך יעדער איד איבערבעטן מיט וועמען ער איז ברוגז און בעטן אַנטשולדיגונג.

יום כפור בעט מען גאָט, ער זאָל פאַרגעבן אַלע זינד, ער זאָל „מוחל" זיין; אָבער מען מוז באַשליסן, אַז פון איצט אָן און ווייטער וועט מען זיך אויפפירן גוט און ערליך.

יום כפור פאַסט מען אַ גאַנצן טאָג. מע זיצט אין שול פון פרי ביז נאַכט און מע דאַווענט צו גאָט.

אָבער דער נביא ישעיה זאָגט אין גאָט'ס נאָמען: „דער עיקר איז ניט דאָס פאַסטן אַליין! מאַך ניט קיין מענטשן פאַר אַ שקלאַף! זיי ניט שלעכט צו דיין חבר! גיב דעם הונגעריגן צו עסן פון דיין ברויט! העלף די אָרימע און באַקלייד די נאַקעטע! אָט דעמאָלט ווען דו וועסט רופן צו גאָט, וועט ער דיך אויסהערן!"

ראש השנה און יום כפור ווערן אָנגערופן „ימים נוראים״ — שרעקליכע טעג.

שרעקליך זיינען דידאָזיגע טעג נאָר פאַר די זינדיגע, אָבער ערליכע און גוטע מענטשן האָבן זיך קיינמאָל ניט פאַר וואָס צו שרעקן.



(45.)

# ערב יום כפור

דער טיש איז מיט ווייסן באַצויגן,
מיט גלאַנציגע לייכטער באַשיינט,
די מאַמע מאַכט צו אירע אויגן
און בענטשט ליכט און כליפּעט און וויינט,
דער טאַטע אין ווייסע בגדים
זיין קאַפּל ווי שניי אויפן קאָפּ,
דער זיידע איז ווייס ביז אַ פּאָדים.
זיין באָרד הענגט ווי זילבער אַראָפּ,
און זיפצן נאָך זיפצן זיי קומען
פון הערצער מיט ציטערניש פול.
מע עסט און מע בענטשט „מזומן״,
מע וויינט און מע גרייט זיך צו שול.
ס׳בעט איינער דעם אַנדערן איבער

און יעדערער שענקט און פֿאַרגיבט,
עס גייען די אויגן אַריבער,
עס לייכט די נשמה און ליבט.
דאַן לעגט מען די הענט אויף די קינדער,
מען בענטשט זיי מיט צערטליכן בליק:
„אָ, ווערט אונז צום ניי־יאָר ניט מינדער,
און לעבט אונז צו נחת און גליק!...״



כּל־נדרי

(46.)

# יום טוב סוכות

פון דעם פופצענטן טאָג אין חודש תשרי פייערן מיר דעם יום־טוב סוכות זיבן טעג.

„סוכות" הייסט ביידלאך, געצעלטן. דער יום־טוב דערמאָנט אונז אָן יענער צייט, ווען די אידן זיינען געגאַנגען פון מצרים, דורכ'ן מדבר, האָבן זיי געוואוינט אין ביידלאך און געצעלטן.

סוכות ווערט אויך אָנגערופן „חג האָסיף" — דער יום טוב פון איינזאַמלונג און „זמן שמחתנו" — די צייט פון פרייד.

ווען די אידן האָבן געלעבט אין ארץ - ישראל, פלעגן זיי אין דער דאָזיגער צייט איינזאַמלען די פרוכט פון די פעלדער און פלעגן זיך דאַמאָלט זייער פרייען.

דערפאַר בויען אידן „סוכות". מע שטעלט אויף אַזעלכע ביידלאַך פון ברעטער און מע דעקט זיי איין מיט „סכך", אַ דאַך פון שטרוי אָדער דינע שטעקלאַך, און אַלע זיבן טעג פון יום טוב עסט מען אין די סוכות.

(47.)

# ווי איך האָב געהאָלפֿן בויען אַ סוכה

אונזער שכן הערשקע האָט געבראַכט עטליכע ברעטלאַך און עטליכע קלעצלאַך. און אונזער שכן משה האָט זיך גענומען בויען אַ סוכה.

איך בין געווען זייער נייגעריג צו וויסן, ווי אַזוי וועט משה מאַכן פון דידאָזיגע ברעטלאַך און קלעצלאַך אַ סוכה. האָב איך געבעטן מיין מאַמע, זי זאָל מיך לאָזן שטעהן דערביי, און ביי משה'ן אַליין האָב איך אויך באַלד גע'פּועל'ט. ניט נאָר האָט ער מיר דערלויבט צו שטעהן און קוקן, אדרבא — ער האָט מיר געזאָגט, איך זאָל אים העלפן דערלאַנגען און צוהאַלטן וואָס ער וועט מיר הייסן.

פאַרשטעהט זיך, אַז איך בין פון אַזאַ מעשה געווען אויפ'ן זיבעטן הימעל. אַ קליינינקייט — איך וועל העלפן בויען אַ סוכה!

און געהאָלפן האָב איך זעהר אַ סך: געהאָלפן מאַכן מיט די ליפּן, בשעת משה האָט געקלאַפּט מיטן האַמער, געהאָלפן עסן, געהאָלפן שרייען אויף די איבריגע קינדער, זיי זאָלן ניט קריכן צו די ברעטער, געהאָלפן דערלאַנגען אים די זעג, ווען ער האָט באַדאַרפט דעם האַמער, געהאָלפן ברייגגען די אָפּצוויינגע, ווען ער האָט געוואָלט אַ צוויאַק...

אַן אַנדערער וואָלט מיך געווען אָנגעטריבן פאַר אַזאַ מין „העלפן", אָבער משה איז געווען אַ גוטער, האָט ער מיר גאָרניט געזאָגט דערפאַר, ער האָט נאָר געלאַכט און מיר געזאָגט, כ'זאָל נישט זיין קיין „גולם"...

און ווייל איך בין געווען זעהר צופרידן פון „מיין אַרבייט", האָב איך גאָרנישט באַמערקט, ווי אַזוי גיך עס איז ביי „אונז" פאַרטיג געוואָרן די סוכה.

— קום, ווערסטו זעהן די סוכה, וואָס „מיר" האָבן אויסגעבויט! — אַזוי זאָג איך צו מיין טאַטן און שלעפּ אים אַרויס פאַר דער פּאָלע אין דרויסן אַרויס.

און דער טאַטע קוועלט־אָן, קוקט אויף משה'ן מיט אַ שמייכעלע און זאָגט צו אים:

— האָט איך כאָטש געהאַט פון מיין זון אַ שטיקל הילף, רב משה?

— אָהאָ, — זאָגט משה שמייכלענדיג — ווען ניט ער, וואָלטן מיר נאָך ביז איצט קיין סוכה ניט געהאַט!...

און איך בין געווען אַ גליקליכער: איך האָב געהאָלפן בויען אַ סוכה פאַר דעם פריילעכן יום־טוב סוכות, און איך האָב שוין געוואַרט אויף אויפדערנאַכט, כ'זאָל קענען מאַכן קידוש און עסן מיט אַלע גרויסע אין „מיין" אייגענער סוכה...





אַ סוכּה

(48.)

# אין סוכה

יום כּפּור, דאַנקען גאָט, אַוועק,
דערלעבט, געטרייע ברידער, —
אוים וויינען און זיפצן גאַנצע טעג —
מע זיצט אין סוכה ווידער.
מען זיצט באַדעקט מיט גרינעם סכך,
אין רוה און אין פריידען;
דער לולב שיינט, דער אתרוג שמעקט —
אַ ריח פון גן־עדן...
מע לעבט, מע פרייט זיך, מע קוועלט אָן
ווי קינדער אין די וויגן, —
אַך, ווי גוט איז מצוות צו טאָן,
בפרט מיט פאַרגעניגן!...

(49.)

# אתרוג און לולב

סוכות בענטשט מען אתרוג אַלע טאָג.

די תורה האָט אָנגעזאָגט: „ווען איר וועט איינ־זאַמלען די פרוכט פון אייער לאַנד, זאָלט איר פייערן זיבן טעג. און איר זאָלט נעמען אַן אתרוג, אַ לולב, אַ הדס און ערבות, און איר זאָלט זיך פרייען פאַר גאָט״.

און ווען די אידן האָבן געוואוינט אין ארץ־ישראל אין די צייטן פון בית־המקדש, פלעגן זיי אין די טעג פון סוכות, נאָכדעם ווי זיי האָבן איינגעזאַמלט די תבואות פון די פעלדער, געהן אין בית־המקדש אַריין מיט די פיער מינים, אתרוג, לולב, הדס און ערבות.

זיי האָבן זיך געפרייט און געדאַנקט גאָט פאַר די פרוכט, וואָס ער האָט זיי געגעבן.

און פון דעמאָלט אָן בענטשן אידן „אתרוג״ אין די טעג פון סוכות, און דערמאָנען זיך אָן אונזער לאַנד.

דער „אתרוג״ איז אַ ציטראָן, וועלכן מע ברייננגט פון ארץ־ישראל. דער „לולב״ איז אַ צווייג פון אַ פאַלם־בוים. „הדס״ איז אַ מירט, וואָס מע רופט אין ענגליש „מוירטל״, און דאָס האָט זעהר אַ גוטן ריח. „ערבות״ זיינען צווייגן פון אַ ווײדענבוים, וואָס מען רופט אין ענגליש „וויללאָו״.

דעם הדס און די ערבות בינדט מען צו צום לולב, און אָט אַזוי בענטשט מען דעם לולב מיטן אתרוג צוזאַמען.

פרומע אידן ברײנגען זײערע אתרוגים און לולבים אין שול אַרײן און האַלטן זײ אין די הענט, װען זײ זאָגן „הלל״ און לויבן גאָט. פּונקט װי מע האָט אַמאָל געטאָן אין בית־המקדש.



אתרוג און לולב

(50.)

# הושענא רבה

דער זיבעטער טאָג סוכות הייסט „הושענא רבה״, די גרויסע הושענא. דאַמאָלט זאָגט מען פיל תפילות, וועלכע מ׳רופט „הושענות״. מע בעט גאָט, אַז ער זאָל העלפן דעם אידישן פאָלק צוריקקומען קיין ארץ־ישראל.

יעדער מאַן און פרוי ברייגען „ערבות״ אין שול אַריין און מע קלאַפּט מיט זיי פינף מאָל אין דער ערד, און מע טראַכט: אַזוי ווי די „הושענא״ (ערבה) איז געוואָרן אָפּגעשלאָגן פון אירע בלעטלאַך, אַזוי זאָלן אַלע שלעכטע גזירות אָפּגעשלאָגן ווערן פון די אידן...



אידישע קינדערלאַך גייען רייסן הושענות

# הושענות

אַ ליבער גאַסט איז דאָ ביי אונז —
הושענא־רבה איז געקומען!
אַ גרוס דיר, אַלט פאָטערלאַנד,
מיט דיינע פירות, צווייגן, בלומען!...

---

ווי זיס איז אונז דיין לופט און ליכט
כאָטש פון דערווייטן פילן ווידער
איין טראָפּן כאָטש פון אַלטן גליק
זאָל הייַנט דערפרישן אונזערע גלידער.

---

הושענא־רבה איז ביי אונז,
דער הימל שפּאַלט זיך... אידן קוקען
און וואַרטן!... אין די אויגן ברענט,
עס שטעכט אין קאַרק, עס ברעכט דער רוקען...

---

אַך, שטראָף מיך ניט, דו גרויסער גאָט!
אַוודאַי, כ׳האָב צו דיר קיין טענות,
נאָר פאָרט... אַ פאָלק, אַ גאַנץ פאָלק
פון „אָפּגעשלאָגענע הושענות!..."

(51.)

# שמיני עצרת

דער אַכטער טאָג סוכות הייסט „שמיני עצרת".
„שמיני" איז אין העברעאיש „דער אַכטער";
„עצרת" איז פאַרזאַמלען זיך".

די תורה האָט אָנגעזאָגט, אַז אין דעם אַכטן טאָג סוכות זאָלן אידן זיך פאַרזאַמלען און פייערן נאָך אַ יום־טוב.

„עצרת" הייסט אויך אין העברעאיש „פאַרהאַלטן". האָבן די אידישע חכמים געגעבן דאַרויף אַ משל:

„אַ קעניג האָט איינגעלאַדן זיינע קינדער צו זיך אין פּאַלאַץ אַריין אויף עטליכע טעג. און אַז עס איז געקומען דער טאָג, ווען זיי האָבן זיך שוין באַדאַרפט שיידן, האָט דער פאָטער צו זיי געזאָגט: „—קינדערלאַך מיינע, איך וויל איך פאַרהאַלטן ביי מיר נאָך אַ טאָג, ווייל מיר איז שווער פון איך זיך אָפּצושיידן!..."

אַזוי זאָגט גאָט, הייסט עס, צו די אידן: די זיבן טעג פון יום־טוב האָבן מיר פאַרבראַכט צוזאַמען, וויל איך איך פאַרהאַלטן נאָך אויף איין טאָג יום־טוב! דערפאַר הייסט ער „שמיני־עצרת!"...

(52.)

# שמחת תורה

דער טאָג נאָך שמיני־עצרת איז אויך אַ יום־טוב, וועלכן מע רופט: „שמחת תורה". די פרייד פון דער תורה.

די תורה איז צעטיילט אויף פינף חומשים: בראשית, שמות, ויקרא, במדבר, דברים.

און אַלע פינף חומשים זיינען צעטיילט אויף פיער־און־פופציג „סדרות", אָדער „פרשות". יעדן שבת לייענט מען אין שול איין סדרה, און אַמאָל צוויי אינאיינעם.

אין משך פון אַ יאָר לייענט מען איבער די גאַנצע תורה, אַלע פינף חומשים.

און אינ׳ם ערשטן טאָג נאָך סוכות פאַרענדיגט מען די לעצטע סדרה און מע הייבט באַלד אָן צו לייענען די ערשטע סדרה ווידעראַמאָל.

דערפאַר הייסט יענער טאָג „שמחת תורה", ווייל אידן פרייען זיך מיט זייער תורה.

מע נעמט אַרויס די ספר־תורה׳ס פון אָרון־קודש, מע רינגעלט אַרום די בימה, (מע גייט מיט „הקפות", הייסט עס!) מע טאַנצט, און מע זינגט פריילינבע לידער.

אידישע קינדער ברייננען פאָנען מיט ברענענדיגע ליכטלאַך אין שול אַריין, צו די הקפות, און זיי זינגען „שישו ושמחו בשמחת תורה"!...



הקפות

(53.)

# די פרייד פון דער תורה

כ׳געדיינק נאָך ווי היינט מיין פאַפּירענע פאָן,
און אין דער פאָן אַ וואַקסענע ליכט;
כ׳געדיינק ווי איך האָב זיך געשטופּט אויבן־אָן,
אַ גליקליכער, מיט אַ פריילּיך געזיכט,

און „שישו ושמחו"! עס גיסט זיך ווי ווייַן
דאָס ליד פון דער תורה, לאַנג, גאַנץ לאַנג.
מע טאַנצט און מע הוליעט! — אייביג זאָל זייַן
דער פרייליכער יום־טוב, דאָס זיסע געזאַנג!

דער חזן פאָראויס, און דער עולם נאָך אים,
אַרום דעם באַלעמער און ווידער אַרום,
איך פריי זיך און זינג מיט אַ קלינגנדע שטים.
איך בין אַ אינגל, אַ אינגל אַ פרום.

מייַן ליכטל ברענט העל און מייַן פאָן איז גאַנץ,
איך שפרינג און טאַנץ אין גאָט'ס קאַראַהאָד,
אַ הייליגער ניגון, אַ הייליגער טאַנץ.
די טאַטעס, די קינדער צוזאַמען מיט גאָט!...



(54.)

# חנוכה

דעם פינף־און־צוואַנציגסטן טאָג אין חודש כסלו הויבט זיך אָן חנוכה.

חנוכה פייערט מען גאַנצע אַכט טעג, און אין די אַכט אָוונטן פון חנוכה צינדט מען אין אַלע אידישע הייזער חנוכה־ליכטלאַך.

אידן פרייען זיך מיט דעם גרויסן נס, וואָס גאָט האָט געטאָן צו זייערע עלטערן אין ארץ־ישראל, אין דער צייט פונם צווייטן בית־המקדש.

„חנוכה" האָט צוויי באַדייטונגען אין העברעאיש: „חנוכה" הייסט באַנייען. די אידן האָבן אין דעם טאָג באַנייט דאָס בית־המקדש, וועלכן די גריכן האָבן צעשטערט און פאַראומרייניגט.

„חנוכה" הייסט אויך „חנו־כ"ה". די אידן האָבן גערוט דעם פינף־און־צוואַנציגסטן טאָג אין כסליו פון זייערע מלחמות מיט די גריכן.

חנוכה איז דער גרעסטער נאַציאָנאַלער יום־טוב.



(55.)

# די געשיכטע פון חנוכה

דאָס איז געווען אין די צייטן פונ'ם גריכישן קעניג אַנטיוכוס, צוריק מיט העכער צוויי טויזנט יאָר.

דער רשע אַנטיוכוס האָט דעמאָלט איינגענומען ארץ־ישראל און ער האָט געוואָלט, אַז אידן זאָלן זיך שמד'ן און ווערן גויים.

האָט ער אַרויסגעגעבן אַ גזירה, אַז אידן טאָרן ניט דינען צו זייער אידישן גאָט, טאָרן ניט אָפּהיטן שבת, ניט לערנען די תורה, ניט עסן קיין כשר'ע מאכלים, ניט האַלטן קיין ימים־טובים. ניט רעדן קיין העברעאיש. אַלע זאַכן פון אידישקייט האָט ער פאַרבאָטן.

און ווער עס האָט ניט געפאָלגט דעם באַפעל, האָט מען אים געטויט.

נאָכדעם האָבן די גריכן אומעטום צעריסן די ספר־תורה'ס און זיי פאַרברענט. זיי האָבן אַריינגעשטעלט אַ סטאַטוע פון אַ גריכישן גאָט אין בית המקדש. זיי האָבן געבויט מזבחות איבערן גאַנצן לאַנד און באַפוילן די אידן צו מקריב זיין קרבנות צו די גריכישע אָפּגעטער.

אין יענער צייט האָט געלעבט אַן אַלטער כהן, מתתיהו, פון דער פאַמיליע חשמונאים. ער האָט געהאַט

פינף זין: יוחנן, שמעון, יהודה, אליעזר און יונתן. זיי האָבן אַלע געוואוינט אין אַ קליין שטעטל מודיעין, ניט ווייט פון ירושלים. מתתיהו און זיינע זין זיינען געווען זייער פרומע און ערליכע אידן, זיי האָבן שטאַרק ליב געהאַט זייער גאָט, זייער תורה און זייער לאַנד.

איינמאָל זיינען די גריכן געקומען קיין מודיעין, האָבן דאָרט אויסגעבויט אַ מזבח, אויפגעשטעלט אַן אָפּגאָט און האָבן געהייסן די אידן צו דינען דעם אָפּגאָט און ברענגען צו אים קרבנות. זיינען געווען איניגע זינדיגע אידן, וועלכע האָבן געפאָלגט און געדינט צום גריכישן גאָט, אָבער אַלע איבעריגע אידן האָבן ניט געוואָלט פאָלגן.

דאַן זיינען די גריכן געקומען צום כהן מתתיהו און געזאָגט צו אים:

— דו ביזט דאָך דער עלטסטער און גרעסטער ביי די אידן, גיי און זיי מקריב אַ קרבן צום גריכישן גאָט, וועלן אַלע אידן טאָן דאָסזעלבע, און דער קעניג אַנטיוכוס וועט דיר געבן פיל גאָלד און זילבער. און אויב ניט, וועט מען דיך טויטן!...

האָט מתתיהו געענטפערט מיט שטאָלץ:

— מיר וועלן קיינמאָל ניט טאָן וואָס אייער קעניג הייסט אונז; מיר טוען נאָר דאָס, וואָס אונזער תורה הייסט!... און פאַר'ן טויט שרעקן מיר זיך נישט!...

איז פלוצלונג אַרויס איינער אַ זינדיגער איד און

האָט, אויף צו־להכעיס מתתיהו'ן, גענומען און מקריב געווען אַ קרבן צום גריכישן גאָט.

ווען מתתיהו האָט דאָס דערזען, האָט ער אַרויס־געכאַפּט זיין שווערד און אויפ'ן אָרט דערשטאָכן דעם זינדיגן אידן. און באַלד איז מתתיהו אַרויס אין גאַס און האָט אויסגערופן:

— ווער עס איז פאַר'ן אידישן גאָט, זאָל גיין מיט מיר!

אַלע זיינע פינף זין זיינען באַלד געגאַנגען מיט אים, און צו זיי זיינען צוגעשטאַנען נאָך פיל הונדערטער געטרייע אידן.

מתתיהו האָט מיט זיין ארמיי אָנגעהויבן אַ מלחמה אַקעגן די גריכן. ער האָט צעבראָכן אַלע גריכישע מזבחות און געטער, און פיל גריכן זיינען געפאַלן טויט.

ווען דער אַלטער מתתיהו הכהן איז געוואָרן שוואַך און ער האָט געפילט, אַז ער גייט שטאַרבן, האָט ער צוגערופן זיינע זין און זיי באַשוואוירן, אַז זיי זאָלן ווייטער מלחמה האַלטן מיט די גריכן פאַר זייער גאָט און פאַר זייער לאַנד.

נאָך מתתיהו'ס טויט איז זיין זון יהודה המכבי געוואָרן דער פירער פון דער אידישער אַרמיי.

און דער נס איז געווען, אַז די קליינע אידישע אַרמיי פון צען טויזנט סאָלדאַטן האָט באַזיגט, נאָך אַ לאַנגן קאַמף, די גרויסע גריכישע ארמיי פון זעכציג

טויזנט סאָלדאַטן. די אידן האָבן פאַרטריבן די גריכן פון ארץ־ישראל, זיי האָבן צעבראָכן אַלע גריכישע געטער און אויסגערייניגט דעם הייליגן טעמפל. אַכט טעג האָט געדויערט דער יום־טוב פון באַנייאונג פון דעם בית־המקדש, וועלכע האָט זיך אָנגעהויבן דעם פינף־און־צוואַנציגסטן טאָג אין כסליו.

איז דאַמאָלט אין ירושלים קיין בוימל ניט געווען צו באַלייכטן דעם בית־המקדש, האָט געטראָפן נאָך אַ נס. מע האָט געפונען אַ קליין קריגעלע בוימל, און דאָס ביסעלע בוימל האָט געברענט גאַנצע אַכט נעכט!..

און דערפאַר פייערן מיר דעם יום־טוב, אַלס אַן אָנדענק פון יענער צייט, מיר צינדן אָן אַלע נאַכט חנוכה־ליכטלאַך און מיר פרייען זיך מיט דעם נס.



חנוכה־ליכטלאַך

(56.)

# די חנוכה־ליכטלאַך

זעסט, מיין קינד, אַכט גרויסע שטערן
גייען־אויף אין הימל־־פּראַכט.
און די שאָטנס בלייכער ווערן —
העלער ווערט די שוואַרצע נאַכט.

ריין און הייליג, ליב און טייער
דאַרפן אונז אויף אייביג זיין
זייער שטילער, מילדער פייער,
זייער ליכט און זייער שיין.

פאַר אַנ'אייביגן זכרון
פון דעם נס אין יענע יאָרן,
ווען מיר האָבן מיט'ן שווערד
אונז די פרייהייט אומגעקערט...



(57.)

# חנוכה־דריידל

עס איז אַ מנהג פון פיל יאָרן, אַז חנוכה גיבן די עלטערן חנוכה־געלט צו זייערע קינדער. אויך קרובים און פריינט ברייינגען מתנות און חנוכה־געלט צו די קינדער.

מע מאַכט סעודות, מערסטענס פון מילכיגע מאכלים, און אויך „לאַטקעס", און מע פאַרברייננגט די חנוכה אָוונטן פריילין. מען שפּילט אויך אין חנוכה־דריידל. סאַי גרויסע און סאַי קליינע שפּילען.

דאָס דריידל איז געמאַכט פון בליי אָדער פון האָלץ. אויף די פיר זייטן פון דריידל זיינען פאַראַן פיר אותיות: נ. ג. ה. ש. וועלכע זיינען די ראשי־תיבות פון די העברעאישע פיר ווערטער: „נס גדול היה שם", אַ גרויסער וואונדער איז דאָרט געשען.

דאָס דריידל לאָזט מען אָפּ עס זאָל זיך דרייען שנעל, און ווען עס פאַלט אויף דער זייט פון דער „ג" געווינט מען.

דערפאַר זאָגט מען אין אידיש אויף אַ מענטשן, וועמען ס'גייט שטענדיג גוט: „אָ, ער מאַכט גימל!.."



אַ דריידל

(58.)

# חמשה־עשר

„חמשה־עשר" הייסט פופצן.

דעם פופצענטן טאָג אין חודש שבט פייערט מען מיט דעם, וואָס מע עסט אַזעלכע פּרוכטן, וועלכע וואַקסן אין ארץ־ישראל: פייגן, באָקסערן, טייטלען, ראָזשינקעס, ניסלאַך, און מילגרוימען.

דער פופצענטער טאָג אין שבט איז דער „ראש־השנה" פון די בוימער. דעמאָלט הייבט זיך אָן דער פרילינג אין ארץ־ישראל און די בוימער הייבן אָן צו בליהען.

די ארץ־ישראל קינדער גייען דעמאָלט אין די פעלדער און גערטנער און פלאַנצן בוימער.



# חמשה־עשר פּרוכטן

אַ גרוס דיר, אַלטער, טונקעלער וואַלד!
אַ גרוס דיר, גרינער פּירות־גאָרטן!
אין ווייטן לאַנד, אויף יענער זייט
פון בערג און ימים, אין ארץ־ישראל דאָרטן,

פון וואַנען ס'גייט־אויף צו אונז די זון
און שמעלצט אין גאָלד דעם הייסן זומער,
איז יום־טוב — ניי־יאָר היינט ביי אייך...
אַוועק פון מיר, מיין פּיין, מיין קומער!

אַ זיסע וואַרימקייט פּילט־אָן
די יונגע הערצעלאַך... מיר לויפן,
מיר פליען, פול מיט פרייד,
חמשה־עשר פּירות קויפן!..

(59.)

# פורים

דעם פערצנטן טאָג אין חודש אָדר פייערן מיר „פורים". און אין אַן עיבור־יאָר פייערט מען פורים דעם פערצענטן טאָג אין צווייטן אָדר.

פורים איז זייער אַ פרייליכער טאָג ביי אַלע אידן. מע מאַכט סעודות, און פריינט קומען זיך צוזאַמען און מע זינגט און מע טאַנצט. מע מאַכט אויך פאַרשידענע פאָרשטעלונגען אַלס פורים־שפילער.

און דאָס אַלעס איז אַן אָנדענק צום גרויסן נס, וואָס איז געשען צו די אידן אין לאַנד פרס.

„פור" הייסט אין פערסיש אַ גורל. ווייל דאַמאָלט האָט המן הרשע געוואָרפען אַ גורל, אין וועלכען חודש און טאָג ער זאָל הרג'ענען די אידן.

נאָר דאָס וואָס ער האָט געדענקט צו טאָן צו די אידן, האָט זיך אויסגעלאָזט צו זיין אייגענעם קאָפּ.



**(60.)**

# דער נס פון פורים

פורים לייענט מען די מגילה, וואו עס איז פאַר־שריבן די געשיכטע פון פורים: „מגילת אסתר".

און אָט וואָס די מגילה דערציילט:

עס איז געווען אין די צייטן פון דעם פערסישן קעניג אחשורוש, וועלכער האָט געהערשט איבער הונדערט און זיבן־און־צוואַנציג מדינות.

דער קעניג האָט געהאַט אַ מיניסטער, המן, וועלכער האָט זייער פיינט געהאַט די אידן. האָט המן גע'פועל'ט ביים קעניג, אַז ער זאָל מעגן אויס'הרג'נען אַלע אידן אין יענע לענדער.

המן האָט געוואָרפן גורל, און עס איז געפאַלן אויפן דרייצענטן טאָג אין חודש אָדר.

אין יענער צייט האָט דער קעניג אחשורוש גענומען אַ אידישע ווייב, אסתר, וועלכע איז געוואַקסן געוואָרן ביי איר אָנקל מרדכי און איז געווען זייער אַ געטרייע אידישע טאָכטער.

ווען מרדכי איז געוואויר געוואָרן פון המן'ס גזירה און פון זיינע בריות, וועלכע ער האָט צעשיקט אומעטום, אַז די גויים זאָלן זיין גרייט אויס'צו'הרג'נען די אידן, האָט ער. מרדכי, זייער געוויינט און געקלאָגט.

און ער האָט געשיקט צו אסתר'ן זאָגן, אַז זי זאָל בעטן דעם קעניג פאַר די אידן, מע זאָל זיי לאָזן לעבן.

אַלע אידן האָבן דאַמאָלט געפאַסט און געבעטן גאָט. און אסתר איז געקומען צום קעניג אחשורוש

און האָט געוויינט פאַר אים, ער זאָל רחמנות האָבן אויף אירע ברידער.

אחשורוש האָט שטאַרק ליב געהאַט זיין ווייב אסתר, און ער האָט דערפילט איר בקשה. ער האָט באַלד געגעבן אַ באַפעל, אַז קיינער זאָל ניט וואַגן אָנצורירן אַ אידן. און המן׳ען, זיין מיניסטער, האָט ער געהייסן אויפהענגען.

און צוליב דעם נס, וואָס די אידן זיינען געראטעוועט געוואָרן פון טויט, האָט מען באַשלאָסן צו פייערן אַלע יאָר דעמדאָזיגן טאָג מיט סעודות און מיט מתנות צו פריינט און צו אָרימעלייט.

דעם יום־טוב האָט מען אַ נאָמען געגעבן „פּורים״, אַלס אָנדענק צו המן׳ס גורל, וואָס ער האָט געוואָרפן.

און די מתנות רופט מען „שלח־מנות״, וועלכע פריינט שיקן איינס צום צווייטן.



אַ גראַגער

(61.)

# „שלח־מנות“

גוט יום־טוב, אידן, מזל־טוב!
אַ שמחה, אַ נחמה:
מיר האָבן היינט אין המן׳ען
דערזען אַ נקמה!..

געקריצט פאַר חרפּה מיט די ציין
האָט זרש, די מרשעת —
אַ סוף געהאַט אַ ביטערן,
געפּלאַצט האָט זי פאַר כעס!..

און אסתר — האַ?.. אין פּערל, גאָלד,
אין פּאַלאַץ זיך געזעסן,
פלאָדען, פיש מיט ראָזשינקעס,
מאָן מיט נים געגעסן...

און מרדכי, אוי גאָטעניו,
אַ גענעראַל געוואָרן,
אויף אחשורוש׳ס פערד
רייטנדיג געפאָרן!..


שלח מנות

# אַ מלבוש אויף אַלע ימים־טובים

איינער אַ פריילּיכער קבצן (אָרימאַן) האָט זיך באַרימט, אַז ער פאַרמאָגט אַ מלבוש, וואָס פּאַסט פאַר אַלע ימים־טובים פון אַ גאַנץ יאָר:

פּסח — איז אין אים ניטאָ קיין גאַנץ ברעקל.

שבועות — איז ער דורך־און־דורך מיט תּיקון.

ראש־השנה — האַלט פון אַלע זיינע זייטן אין איין בלאָזן.

יום־כּפּור — טויג ער שוין אינגאַנצן אויף כּפּרות

סוכּות — פאַלן פון אים שטיקער ווי די בלעטלאַך פון הושענות.

חנוכּה — איז ער פול מיט לאַטקעס.

פּורים — בלייבן פון אים נאָר די טאַשן.



(62.)

# ארץ־ישראל

ארץ — הייסט אַ לאַנד. ישראל — די אידן.

ארץ־ישראל הייסט: דאָס לאַנד פון די אידן.

יעדעס פאָלק האָט אַ לאַנד. ניטאָ קיין פאָלק אָן אַ לאַנד. דאָס אידישע פאָלק האָט אויך אַ לאַנד — ארץ־ישראל.

נאָך איידער אידן זיינען געוואָרן אַ פאָלק, האָט גאָט שוין צוגעזאָגט צו אונזער פאָטער אברהם, אַז ער וועט געבן דאָס לאַנד כנען צו זיינע קינדער.

און אַזוי איז געווען.

משה רבינו האָט אַרויסגעפירט די אידן פון מצרים, געמאַכט זיי פאַר אַ פריי „פאָלק”, געגעבן זיי די תורה אויפ׳ן באַרג סיני, און יהושע, משה׳ס תלמיד, האָט זיי אַריינגעבראַכט אין לאַנד כנען.

דעמאָלט האָט כנען באַקומען דעם נאָמען ארץ־ישראל, אידיש לאַנד.

אין ארץ־ישראל האָבן זיך אידן באַשעפטיגט מיט ערד־אַרבעט, זיי זיינען געווען פאַרמערס.

עטליכע הונדערט יאָר האָבן אידן ניט געהאַט קיין קעניג. די עלטערע מענטשן, די זקנים פון יעדער שטאָט, זיינען געווען די פירער. זיי פלעגן זיצן ביים טויער פון שטאָט, און ווער עס האָט עפּעס באַדאַרפט

פרעגן איז געקומען אַהין, צו די זקנים, און אַזוי ווי זיי האָבן געהייסן אַזוי האָט מען געטאָן.

שפּעטער האָבן די פעלקער, וואָס האָבן געוואוינט אַרום ארץ־ישראל, אָנגעהויבן קריגן זיך מיט די אידן, האָבן די אידן אויסגעקליבן שופטים, ריכטער, שטאַרקע מענטשן. און די שופטים האָבן געפירט די אידן צו מלחמה האַלטן מיט זייערע פיינט.

נאָך שפּעטער האָבן שוין אידן געהאַט קעניגען. דער קעניג פלעגט שוין האָבן גענעראַלן און אַן אַרמיי פון סאָלדאַטן.

די אידן האָבן נאָכדעם אויסגעבויט אין דער שטאָט ירושלים אַ בית־המקדש, אַ פּרעכטיגן טעמפּל, וואו עס זיינען געווען כהנים און לויים, און אַלע אידן פון גאַנץ ארץ־ישראל פלעגן קומען דריי מאָל אין יאָר — פּסח, שבועות און סוכּות, — קיין ירושלים צו מקריב זיין קרבנות אין בית־המקדש.

האָבן די פעלקער נאָכמער מקנא געווען די אידן אויף זייער שיינעם און גוטן לאַנד, און זיי האָבן אָנגעהויבן אָנצופאַלן אַלעמאָל אויף די אידן.

ביז איינמאָל איז דער קעניג פון בבל, נבוכדנצר, אָנגעפאַלן מיט אַ גרויסער אַרמיי און ער האָט פאַרברענט דאָס בית־המקדש, און די אידן האָט ער פאַרטריבן קיין בבל.

פופציג יאָר שפּעטער האָבן אידן זיך צוריקגעקערט קיין ארץ־ישראל.

דער פּערסישער קעניג, כורש, האָט דאַמאָלט איינ־גענומען בבל, און ער האָט דערלויבט די אידן צו גיין צוריק קיין ארץ־ישראל און אויפבויען צוריק דאָס בית־המקדש. און די אידן האָבן ווידער געלעבט אין זייער אייגן לאַנד.

עטליכע הונדערט יאָר שפּעטער זיינען די רוימער אָנגעפאַלן אויף ארץ־ישראל. זיי האָבן פאַרברענט דעם צווייטן בית־המקדש, זיי האָבן אויסגעהרג'עט העכער אַ מיליאָן אידן, און די איבעריגע האָבן זיי פאַרטריבן פון ארץ־ישראל. ארץ־ישראל איז אַוועקגערויבט געוואָרן פון די אידן.

און פון דאַמאָלט אָן האָט מען שוין ניט דערלאָזט, אַז אידן זאָלן זיך באַזעצן צוריק אין זייער לאַנד. אידן זיינען צעשפּרייט געוואָרן אויף דער גאַנצער וועלט. זיי זיינען געוואָרן אַ פאָלק אָן אַ לאַנד. אַ פאָלק, וואָס לעבט אין „גלות".

אָבער דאָס אידיש פאָלק האָט קיינמאָל ניט פאַרגעסן אָן ארץ־ישראל. אידן האָבן שטענדיג געבעטן גאָט און געהאָפט, אַז זיי וועלן זיך ווידער אַמאָל אומקערן צו זייער לאַנד.



מגן דוד

(63.)

# אידן בויען ווידער ארץ־ישראל

אין די לעצטע יאָרן האָבן אידן ווידער אָנגעהויבן פאָרן קיין ארץ־ישראל. זיי האָבן זיך באַזעצט דאָרט, גע־קויפט ערד און געגרינדעט קאָלאָניעס. אָבער עס זיינען נאָך געווען זייער ווייניג אַזעלכע אידן. מע האָט זיי גערופן „חובבי ציון”. דאָס הייסט אידן וועלכע האָבן ליב „ציון”, ארץ־ישראל.

שפּעטער איז געקומען איינער אַ דאָקטאָר הערצל, און ער האָט געזאָגט, אַז אידן מוזן צוריקקריגן ארץ־ישראל. און אויב אידן וועלן נאָר ווילן מיט'ן גאַנצן האַרצן, וועט מען זיי אָפּגעבן זייער לאַנד.

דר. הערצל איז געוואָרן דער פירער און צו אים זיינען צוגעשטאַנען פיל אידן פון דער גאַנצער וועלט. זיי האָבן זיך גערופן „ציוניסטן”, דאָס הייסט: אידן, וועלכע ווילן, אַז „ציון”, ארץ־ישראל, זאָל ווערן ווידער אַ אידיש לאַנד.

דר. הערצל איז געפאָרן צו אַלע קעניגען, און ער האָט זיי דערוויזן, אַז מע דאַרף אָפּגעבן צו די אידן דאָס לאַנד, וועלכעס מע האָט ביי זיי צוגערויבט אַמאָל. די קעניגען האָבן צוגעזאָגט צו העלפן אים אין זיין ארבעט.

דר. הערצל איז געשטאָרבן, נאָר דער „ציוניזם”.

די באַוועגונג צו קריגן צוריק ארץ־ישראל, איז געוואָרן וואָס אַמאָל שטאַרקער און גרעסער. וואָס אַמאָל זיינען מער אידן געוואָרן „ציוניסטן‟, געגעבן געלט אויף צו קויפן ערד אין ציון, און אַ סך טויזנטער אידן זיינען אַהין געפאָרן און זיך דאָרט באַזעצט.

נאָך דער גרויסער וועלט־מלחמה האָבן אַלע מלוכות באַשלאָסן, אַז ארץ־ישראל דאַרף ווערן ווידער אַ אידיש לאַנד.

פון דעמאָלט אָן זיינען שוין דאָרט אויסגעבויט געוואָרן אידישע שטעט, און עס זיינען געגרינדעט געוואָרן פיל קאָלאָניעס, וואו אידישע זין און טעכטער „חלוצים‟, ארבעטן אויף זייער אייגענער ערד.

און אַלע אידן אויף דער גאַנצער וועלט העלפן מיט אַ סך געלט צו קויפן וואָס מער ערד פאַר די אידישע „חלוצים‟ דאָרט.

אידן האָבן דאָרט געעפנט פיל שולעס, תלמוד־תורה'ס, גימנאַזיעס און אויך אַ אוניווערסיטעט, וואו אַלע לימודים ווערן געלערנט אויף העברעאיש.

און אַזוי צוביסלאַך וועט ארץ־ישראל ווידער ווערן אַ אידיש לאַנד, און קיינער, קיינער וועט עס שוין ביי אונז ניט צונעמען מער!..



(64.)

# מיין האַרץ איז אין מזרח

מיין האַרץ איז אין מזרח, און איך בין אין מערב,
ווי קאָן איך אַ גליקליכער זיין,
ווי קאָן איך פאַרגעסן מיין שרעקליכן אומגליק,
און לעבן פול נחת און שיין!..

אין ווייטע און גלענצנדע שיינע מדינות
בין איך, ווי אָן וואָרצלען אַ בוים.
מיר חלום'ט זיך ציון, מיין אָרימע ציון,
עס ציט מיך אָן אויפהער אַהיים...



קאָלאָניסטן אין ארץ ישראל

(65.)

# לשון־קודש און אידיש

„לשון” הייסט אַ שפּראַך. „קודש” הייסט הייליג. העברעאיש רופט מען „לשון־קודש”, די הייליגע שפּראַך. ווייל אַלע הייליגע ספרים זיינען געשריבן אין העברעאיש.

העברעאיש איז אַמאָל געווען די מוטער שפּראַך פון אידישן פאָלק. אידן האָבן גערעדט און געשריבן נאָר העברעאיש. פון זינט די אידן זיינען אין גלות האָבן זיי אויפגעהערט רעדן העברעאיש, זיי האָבן נאָר געשריבן אין דער דאָזיגער שפּראַך און געשאַפן זייער אַ רייכע ליטעראַטור.

די אידישע שפּראַך איז באַשאַפן געוואָרן צוריק מיט עטליכע הונדערט יאָר. אידן האָבן פון דער דייטשער שפּראַך געמאַכט אַ באַזונדער שפּראַך פאַר זיך. אידיש איז אָבער ניט דייטש. אידיש האָט אין זיך ווערטער פון העברעאיש, פון רוסיש, פון פּויליש און פון אַנדערע שפּראַכען. פּונקט ווי ענגליש האָט אין זיך ווערטער פון אַלערליי שפּראַכען.

אַ סך מיליאָנען אידן אויף דער גאַנצער וועלט רעדען און שרייבען אידיש. עס איז פאַראַן אַ גרויסע אידישע ליטעראַטור. און יעדער אידיש קינד דאַרף קענען רעדען און שרייבען אידיש, די שפּראַך פון אידישן פאָלק.

העברעאיש איז אָבער אונזער נאַציאָנאַלע שפּראַך. די שפּראַך פון אונזער היסטאָריע און פון אונזער רעליגיע. און פון זינט מע האָט אָנגעהויבן אויפבויען צוריק ארץ־ישראל, איז העברעאיש ווידער געוואָרן אַ לעבעדיגע שפּראַך, אויף וועלכער עס רעדן סײַ אַלט און סײַ יונג.

און דערום דאַרף יעדער אידיש קינד קענען רעדען און שרייבען העברעאיש, די הייליגע, שענע שפּראַך.



(66.)



אַ פּאָר תּפילין

# בּר מצוה

„בר" הייסט אין העברעאיש אַ זון. „מצוה" הייסט געבאָט, אָנזאָג. „בר־מצוה" הייסט אַ אידיש אינגעל, ווען ער ווערט דרייצן יאָר אַלט. ווייל פון דעמאָלט אָן דאַרף ער שוין אָפּהיטען די מצוות פון דער תורה גלייך מיט אַלע אידען.

אַ „בר־מצוה״ הויבט אָן צו לייגען תפילין. תפילין לעגט מען נאָר אין די וואָכעדיגע טעג, אין דער פרי. עס זיינען פאַראַן צוויי תפילין: „של־ראש״, פון קאָפּ, און „של־יד״, פון האַנט. זיי ווייזן, אַז אַ אידיש קינד דאַרף זיין געבונדן מיט קאָפּ און הענט צו גאָט, און זיך אויפפירן ווי די תורה לערנט אונז.



מע לייענט די תורה

(67.)

## באַשטימטער אַרטיקעל: „דער", „די" און „דאָס"

| ווייבליך געשלעכט: | מענליך געשלעכט: |
|---|---|
| די מוטער | דער פאָטער |
| " שוועסטער | " ברודער |
| " האַנט | " טיש |
| " לערערין" | " לערער |
| " נאַכט | " טאָג |
| " שולע | " קאָפּ |

| מערצאָל פאַר אַלע געשלעכטן: | זאכליך געשלעכט: |
|---|---|
| די פאָטערס | דאָס קינד |
| " מוטערס | " הויז |
| " קינדער | " בוך |
| " ווערטער | " וואָרט |
| " הענט | " גראָז |
| " טעג | " פעלד |

# צוויי חבר׳טעס

צוויי מיידלאך, חבר׳טעס, אַ אידישע און אַ איירישע, האָבן געלערנט אין איין סקול. געקומען צום עקזאַמען האָט די אידישע אויסגעהאַלטן און די איירישע נישט.

— פאַר וואָס איז דאָס אַזוי ? — האָט די איירישע געפרעגט איר אידישע חבר׳טע — איך בין פאַר׳ן עקזאַמען געגאַנגען אין קלויסטער און אָנגעצונדן אַ ליכט פאַר דער „הייליגער מאַריע״ און צו איר געבעטן, און דו האָסט דאָך דאָס ניט געטאָן, צום סוף האָסטו אויסגעהאַלטן און איך נישט.

— פאַר וואָס דענקסטו, אַז איך האָב ניט אָנגעצונדן קיין ליכט ? — פרעגט די אידישע.

— וואָס הייסט ? דו ביזט דאָך אַ אידיש קינד ?

— פאַרשטייסטו מיך, איך האָב אויך אָנגעצונדן אַ ליכט... דאָס עלעקטרישע ליכט ביי מיר אין צימער און דערביי גוט געלערנט מיינע לעקציעס !..



## אומבאַשטימטער אַרטיקעל: „אַ“, „אַן“

פאַר אַלע ווערטער שרייבט מען „אַ“. נאָר פאַר די ווערטער, וואָס הויבן זיך אָן מיט „א“ אָדער „ע“, שרייבט מען „אַן“.

| | |
|---|---|
| אַ בוים | אַן אויג |
| אַ גרעזעל | אַן עפּעל |
| אַ דאָרף | אַן אָקס |
| אַ הויז | אַן אורח |
| אַ וואָלף | אַן עברה. |



## אָפּשטעל־צייכענס:

( . ) — פּינטעלע.

( , ) — קאָמע.

( ; ) — לאַנגע קאָמע.

( : ) — צוויי פּונקט.

( ? ) — פראַגע־צייכען.

( ! ) — אויסרוף־צייכען.

( — ) — שטריך.

( ־ ) — בינד־שטריך.

( „ ” ) — פרעמד־צייכען.

( ) — רינגעלעך.

( ... ) — פיל־פּונקט.

( ’ ) — אַפּאָסטראָף.

# אידישע ענטפערס

## I

אַ קעניג האָט אַמאָל גערופן צו זיך דעם רב און האָט אים געפרעגט:

— וואָרום האָבן אייערע אידן אַזוי פיינט אונזערע גויים, אַז איר דאַנקט און לויבט גאָט יעדן פרימאָרגן „שלא עשני גוי״?

האָט דער רב באַלד געענטפערט דעם קעניג:

— דאָס איז ניט פאַר פיינטשאַפט, אדוני מלך! אידן האָבן געוויס ניט פיינט זייערע ווייבער, און דאָך דאַנקען זיי און לויבען גאָט אַלע אינדערפרי „שלא עשני אשה״!..

## II

אַ גוי, אַ שונא־ישראל, האָט געוואָלט באַליידיגן אַ רב, האָט ער אים געפרעגט אַ פראַגע:

— ווען אַ איד באַגעגענט אַ בייזן הונט, זעצט ער זיך אַראָפּ, און ווען ער באַגעגענט אַ רב, שטעלט ער זיך פאַר אים אויף; וואָס טוט ער, אַ שטייגער, ווען ער באַגעגענט אַמאָל אַ רב מיט אַ הונט צוזאַמען?

האָט דער רב באַלד געענטפערט דעם גוי:

— ס׳איז טאַקי זער אַ שווערע פראַגע. ווייסטו וואָס? לאָמירביידע צוזאַמען אַרויסגיין אין גאַס, וועלן מיר זען וואָס אידן וועלן טאָן!..

(68.)

# דער תנ״ך

„תנ״ך" איז אַ פאַרקירצונג פון דריי ווערטער (ראשי־תיבות):

תורה.

נביאים.

כתובים.

„תורה" איז די לערע וואָס משה רבינו האָט אונז געגעבן.

„נביאים" זיינען די ביכער פון אונזערע פּראָפעטן.

„כתובים" זיינען אַנדערע שריפטן, וואָס פאַרשידענע מענטשן האָבן געשריבן.

תנ״ך הייסט — „די ביבל", אָדער „הייליגע שריפטן", אָדער דער „אַלטער טעסטאַמענט".

דער תנ״ך איז דאָס איינציגע און גרעסטע ווערק אין דער וועלט, וואָס אַ פאָלק האָט ווען געשאַפן, אַ ווערק פון מאָראַל, חכמה און פילאָסאָפיע.

דער תנ״ך איז דאָס פאַרשפּרייטסטע ספר אין דער וועלט. ער איז איבערזעצט אין עטליכע הונדערט שפּראַכן, און אַלע פעלקער שעצן אים און לערנען אים.

דאָס איז דאָס אייביגע ווערק פון דעם אייביגן פאָלק.

אָבער אום צו פאַרשטיין די גרויסקייט פון תנ״ך מוז מען אים גוט לערנען אין דער אָריגינעלער שפּראַך, אין העברעאיש, אין וועלכער ער איז געשריבן געוואָרן.

יעדעס אידיש קינד דאַרף לערנען דעם תנ״ך.

(69.)

# די תורה און די קינדער

(אַ מעשה׳לע פון תלמוד)

יעדן טאָג גייט אַרויס אַ מלאך פון הימל חרוב צו מאַכן די וועלט פאַר די שווערע זינד וואָס מ׳טוט. אָבער ווען דער אויבערשטער קוקט זיך איין, ווי קליינע קינדער זיצן און לערנען תורה, ווערט זיין כעס פאַרביטן אויף רחמנות, און ער לאָזט נישט די וועלט אונטערגיין.

ווען די אידן זיינען געשטאַנען ביים באַרג סיני, האָט זיי גאָט געפרעגט: „וועט איר אָננעמען די תורה?" האָבן זיי געזאָגט: „יאָ". האָט גאָט ווידער געפרעגט: „און ווער וועט מיר זיין אַן ערב, אַז איר וועט די תורה לערנען און אָפּהיטן?" האָבן די אידן געענטפערט: „אונזערע קינדער וועלן ערב זיין פאַר אונז..."

---

— און דערום ווילן אַלע אידן, אַז זייערע קינדער זאָלן לערנען און אָפּהיטן די תורה, ווייל די קינדער זיינען פאַראַנטוואָרטליך פאַר גאָט.



(70.)

# מע דאַרף שטענדיג לערנען

(פון תלמוד)

רבי שמעון, דער זון פון לקיש, האָט געזאָגט:

עס איז אמת, וואָס ס'איז געשריבן אין אונזערע ספרים, אַז דער וואָס לערנט נישט איין טאָג, פאַרגעסט ער וואָס ער האָט געלערנט אין צוויי טעג.

און איך וועל אייך געבן אַ משל דערויף:

צוויי מענטשן זיינען געגאַנגען אין וועג. איינער איז געגאַנגען פון איין שטאָט, דער צווייטער פון אַן אַנדער שטאָט. האָבן זיי זיך באַגעגנט אין איין אַכסניא (האָטעל). נאָכדעם האָבן זיי זיך צושיידט. איינער איז אַוועק אין איין וועג, דער צווייטער אין אַן אַנדער וועג.

ווען יעדער פון זיי איז אָפּגעגאַנגען בלויז איין מייל, זיינען זיי געווען ווייט איינס פון אַנדערן שוין צוויי מייל...



# אינהאַלט: